# J. GROSSMAN

# MONOGRAPHIES
# and
# ESSAYS
## With Photos and Illustrations

1977
NEW YORK

דער מחבר דריקט אויס
זיין האַרציקן דאַנק
די אָרגאַניזאַציעס
וואָס האָבן געהאָלפן
אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען

געדרוקט ביי
די ברידער שולזינגער

*Printed by*
SHULSINGER BROS. INC.
NEW YORK, N.Y.

צו מיין פאָטער

מנחם מענדל הכהן גראָסמאַן

און מיין מוטער

איידל (געב. ליפשיץ)

איז דאָס בוך געווידמעט

מיט ליבשאַפט און דרך ארץ

דער מחבר

# אינהאַלט:

הקדמה ........................................ 9

1. יוסף בן מתתיהו–יאָזעפוס פלאַוויוס,
דער ערשטער יידישער היסטאָריקער ................ 13
אַן אַריינבליק אין זיין לעבן און זיינע ווערק

2. דניאל כוואָלסאָן .............................. 57
פון דער סעריע: אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייטן
פון ווילנע

3. דר. ישראל צינבערג ........................... 73
דער מחבר פון דעם ווערק: די געשיכטע פון דער
ליטעראַטור ביי יידן

4. דר. יעקב שאַצקי ............................. 83
דער היסטאָריקער פון די פוילישע יידן

5. פון דעם ווערק: „אַן אינטעלעקטועלע
און קולטור־געשיכטע פון דער מערב־וועלט" .......... 103
פראַגמענט פון אַן עסיי: „דער וווקס פון טאָלעראַנץ
און פרייהייט פון געדאַנק" – הערי עלמער בארנס.
איבערגעזעצט פון ענגליש

# הקדמה

ווען איך בין געווען אַ ייִנגל פון 9־10 — איך געדענק ניט דאָס יאָר, אָבער כ׳בין זיכער געווען פאַר בר מצווה — האָב איך אָנגעהייבן צו זוכן אין דעם ספרים־אַלמער פון אונדזער הויז. דאָס איז געווען אַ ברייטע שאַפע מיט גלעזערנע טירן מיט עטליכע פאָליצעס פול מיט ספרים. אויף דער העכסטער פאָליצע זײַנען געשטאַנען אײַנגעבונדענע חומשים, נביאים און כתובים, סדורים, מחזורים.

די צווייטע פראָמינענטע שורה האָבן פאַרנומען די גרויסע, אין ברוינעם לעדער אײַנגעבונדענע, ש״ס־גמרות פון ווילנער „האלמנה והאחים ראָם״.

נאָך דעם — משניות, עין יעקבס און אַנדערע ספרים.

אין דער אונטערשטער שורה זײַנען געווען דער מאַמעס ספרים: אַ קרבן מנחה־סידור, אַ טייטש־חומש, נחלת צבי וכדומה.

אין אַ ווינקל פון דער אונטערשטער פאָליצע האָב איך געפונען אַ ספר אין לשון קודש מיט רש״י־כתב, אָן טאָוולען מיט פאַרגעלטע בלעטער. דאָס איז געווען דער „יוסיפון״ פון יוסף בן גוריון הכהן. איך האָב מיט גרויס נײַגעריקײַט אָנגעהייבן צו לייענען דעם ספר, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען.

די ערשטע צענדליק בלעטער האָב איך דורכגעקוקט גיך, ווײַל אַלץ איז מיר געווען באַקאַנט פון תנ״ך. אָבער וואָס ווײַטער האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ קוואַל מיט מעשיות פון דער ייִדישער געשיכטע, וועגן וועלכע איך האָב כמעט ניט געוווּסט פריער. וועגן דער נאָך־ביבלישער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק האָב איך געהאַט אַ ביז גאָר פאַרנעפּלטע אָנונג.

דעם „יוסיפון״ האָב איך געלייענט מיט וואַקסנדיקן אינטערעס און באַגײַסטערונג אַ לענגערע צײַט ביז שפּעט אין די נעכט (ווײַל ביי טאָג האָט מען געמוזט גיין אין חדר). מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט אַז דער ספר יוסיפון וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַזויפיל פרייד און צער אין מײַן קינדערישן לעבן, איז אַ קאָמפּילאַציע, נאָכגעמאַכט פון די ווערק פון יוסף בן מתתיהו־יאָזעפוס פלאַוויוס, איבערגעמישט מיט אַ

סך לעגענדעס, געדרוקט אין 10טן יאָרהונדערט; אויך איבערגעזעצט אין יִדיש אין 16טן י״ה, שפּעטער דערשינען אין אַ סך אויפלאַגעס.

די ייִדישע טראַדיציע האָט לגמרי איגנאָרירט זיין נאָמען און זיינע ווערק. און דער תלמודישער און מדרשים־ליטעראַטור ווערט ער ניט דערמאָנט. זיינע ווערק האָבן זיך אויפגעהיט אין גריכיש אַדאַנק די קריסטליכע היסטאָריקערס און איבערשרייַבערס. די ווערק פון יאָזעפוס זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אין לאַטיין און אין אַנדערע שפּראַכן און עס איז וועגן זיי געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע ליטעראַטור, וואָס האָט שטאַרק באַרייַכערט די פאָרשונג פון דער יִדישער געשיכטע אין דער צייַט פון בית שני. די העראָישע און טראַגישע געשיכטע פון דעם אויפשטאַנד און מלחמה פון די יִדן קעגן דער רוימישער אימפּעריע אין 66־73 פון דער אַלגעמיינער צייַט־רעכענונג, ווערט אין יאָזעפוסעס ווערק די „מלחמה״ געשילדערט מיט אַלע פּרטים, קינסטלעריש און לייַדנשאַפטלעך באַשריבן, הגם טענדענציעז און אַפּאָלאָגעטיש.

די וויכטיקסטע היסטאָריקערס — יִדישע און ניט יִדישע — באַטראַכטן יאָזעפוסן ווי איינעם פון די גרויסע היסטאָריאָגראַפן פון ערשטן יאָרהונדערט. פאַר דער יִדישער געשיכטע איז ער און זײַנע ווערק פון אַ באַזונדערן באַדייַט.

ער דערציילט וועגן וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן, באַוועגונגען, דערהויבענע און טראַגישע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון יִדישן פאָלק, וואָס זײַנען אין אַנדערע מקורות ניט דערמאָנט, אָדער ווערן דערציילט אין אַ כאַאָטישן סדר און אויף אַן אומהיסטאָרישן אופן.

דער גלענצנדיקער, יונג־פאַרשטאָרבענער היסטאָריקער י.נ. שמחוני (סימכאָוויטש) וואָס האָט איבערגעזעצט יאָזעפוסעס ווערק פון גריכיש אויף העברעיִש, שרייַבט אין זײַן אַרייַנפיר צום ספר „מלחמות״:

„פון אַלע גרויסע געשעענישן פאַר חורבן בית שני זײַנען פאַרבליבן בלויז אַ רייַע וואַכעדיקע שמועסן פון די בית מדרש׳דיקע באַנק־קוועטשערס (שיחת חולין מחובשי בית המדרש). וועגן קמצא ובר קמצא, וועגן אַ האָן מיט אַ הון, וועגן אַ אַקס פון אַ וואָגן וואָס צוליב זיי זײַנען חרוב געוואָרן יִדישע שטעט ירושלים, טור מלכא, ביתר — אָפּגעריסענע מעשיות, וואָס זײַנען פאַרטרונקען געוואָרן אין דעם ים פון תלמוד (גיטין נ״א און ווייטער), און וואָס האָבן קיין שייכות ניט מיט דער ווירקליכער טראַגעדיע פון דעם קאַמף פון די יִדן פאַר פרייַהייַט״.

די פערזענליכקײט און די ווערק פון יאָזעפוס און די פאָרשונגען וועגן זיי, וואָס איך האָב געלייענט, האָבן מיך שטאַרק אינטריגירט. און איצט, אין טיפן ווינטער פון מײַן לעבן, גיב איך איבער דעם אינטעליגענטן יידיש־לייענער מײַן איצטיקן בוך — אַן אַרײַנבליק אין דעם לעבן און ווערק פון יוסף בן מתתיהו, — ווי אויך וועגן אַנדערע יידישע פערזענלעכקייטן, וואָס זײַנען וויכטיק און ווערט צו באַשריבן ווערן.

איך האָף אַז דאָס בוך וועט געלייענט ווערן מיט גרויס אינטערעס.

און אויב דאָס בוך וועט פאַראינטערעסירן די יידישע יוגנט, וואָס זוכט נאַציאָנאַלע און פאָלקישע אידענטישקײַט, און עס וועט זיי דערנענטערן צו די פּראָבלעמען פון יידישע געשיכטע און קולטור פון די עלטסטע צײַטן — וועט דאָס זײַן פאַר מיר די טיפסטע באַפרידיקונג און די טײַערסטע באַלוינונג.

* *
*

אין פלוג קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז דער לעצטער עסיי „וועגן אומטאָלעראַנץ" איז אַרײַנגענומען אין בוך צופעליק און ער פּאַסט זיך ניט אַרײַן אין דער סטרוקטור און אין דער פּראָגראַם. דאָס איז ניט אַזוי. הגם אין די פריערדיקע מאָנאָגראַפיעס און עסייען ווערט ניט גערעדט דירעקט וועגן אומטאָלעראַנץ, אָבער די שוואַכקײַט פון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע פון אַלע צײַטן און לענדער איז אַרײַנגעוועבט אין דער געשיכטע פון דעם מענטשן־מין, נישט בלויז ביי די פעלקער אין פרימיטיוון קולטור צושטאַנד, נײַערט אויך ביי די ציוויליזירטע פעלקער פון דער הײַנטיקער צײַט. אומטאָלעראַנץ קעגן אַנדערש גלויביקע און אַנדערש מיינענדיקע הערשט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג אין דער גאַנצער וועלט, נאָן־קאָנפאָרמיסטן — פּערזאָנען און גרופּעס — ווערן באַליידיקט און פאַרפאָלגט פון די הערשנדיקע אין אַלע לענדער.

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז די זעלבע שוואַכקײַט — אומטאָלעראַנץ — עקסיסטירט אין דער ערשטער מאָנאָגראַפיע פונעם בוך — אין די ווערק פון יאָזעפוס פלאַוויוס.

אויך די אַנדערע טיילן פון בוך באַשרײַבן יידישע פּערזענ־לעכקײַטן, וואָס זײַנען אין זייער צײַט געווען קאָנטראָווערסיעלע, נאָן־

קאָנפאָרמיסטישע פיגורן אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך צו זיי באַצויגן מיט חשד און אומטאָלעראַנץ. דאָס זעלביקע קומט פאָר אין אַלע ייִדישע יישובים פון דער וועלט ביז הײַנט.

דער לעצטער עסיי וועגן אומטאָלעראַנץ איז ניט צופעליק אַריין אינעם בוך.

דערצו איז עס געשריבן מיט פשטות, אין אַ פאַרשטענדלעכער שפּראַך, און עס איז זייער אַ באַלערנדיקער עסיי.

איך האָב זיך באַמיט צו איבערגעבן אין ייִדיש די פשטות, עקזאַקטקײַט פון דעם אָריגינאַל אין דער ענגלישער שפּראַך.

איך גלויב, אַז דער אינטעליגענטער ייִדיש־לייענער וועט דורך דעם גאַנצן בוך באַרײַכערן זײַן וויסן און אויסברייטערן זײַן גײַסטיקן האָריזאָנט.

**דער מחבר** — אויגוסט 1977



# יוסף בן מתתיהו — יאָזעפוס פלאַוויוס
# דער ערשטער ייִדישער היסטאָריקער
## אַן אַרײַנבליק אין זײַן לעבן און זײַנע ווערק

### אַריינפיר

דאָס פאַרשרײַבן די היסטאָרישע געשעענישן פון ייִדישן פאָלק איז געווען באַוווּסט פון די עלטסטע צײַטן. אין תנ״ך זײַנען דערמאָנט נעמען פון געשיכטלעכע ספרים, וואָס זײַנען ניט דערגאַנגען צו אונדז, זיי זײַנען אָבער געווען באַוווּסט אין די צײַטן, ווען די ספרים פון תנ״ך זײַנען געשריבן, אָדער רעדאַגירט געוואָרן: דער ספר הַיָשָר, ספר מלחמות ה׳.

די ייִדישע מלכים פון ישראל און יהודה האָבן געהאַט שרײַבערס און כראָניקערס, וואָס האָבן באַשריבן גענוי, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די צײַטן פון זייערע הערשאַפטן. אין מלכים א׳ און ב׳ זיינען דערמאָנט 27 מאָל די פסוקים: ויתר דברי... ואשר עָשָה הלא הם כתובים על ספר דברי הימים למלכי ישראל ויהודה — און די איבעריקע זאַכן וועגן... און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, דאָס איז שוין באַשריבן אין בוך פון די צײַטגעשעענישן פון די מלכים פון ישראל און יהודה — דער אויסדרוק „הלא הם כתובים״ באַווײַזט, אַז די ספרים זײַנען שוין געווען פּאָפּולער בעת דער ספר מלכים איז פאַרשריבן געוואָרן. ענלעכע פסוקים מיט פאַרצייכענונגען פון אַנדערע ספרים, וואָס זײַנען צו אונדז ניט דערגאַנגען, זײַנען דאָ אין דער היסטאָרישער כראָניק דברי הימים א׳ און ב׳ (דער לעצטער ספר פון תנ״ך).

אין די ספרים עזרא און נחמיה זײַנען אויך פאַרשריבן היסטאָרישע געשעענישן פון אַ באַגרעניצטע צײַט פון דער ייִדישער געשיכטע בעת דער פּערסישער הערשאַפט איבער ארץ ישראל (Vטן און IVטן יאָרהונדערט פאַר דער אַלגעמיינער צײַטרעכענונג).

די שרײַבערס פון די פאַרלאָרענע ספרים, וואָס זײַנען דערמאָנט אין תנ״ך, זײַנען אַנאָנימען. מיר ווייסן ניט זייערע נעמען. אין די ספרים שמואל א׳, ב׳ און מלכים א׳ און ב׳ זײַנען פאַראַן טיילן, וואָס ווערן פאַר־

רעכנט ווי די בעסטע מוסטערן פון היסטאָריאָגראַפיע פון אַלטערטום, למשל: די באַשרײַבונגען וועגן שאול, שמואל און דוד, זייערע כאַראַקטעריסטיקעס, זייער לעבן און אויפטוען האָבן ניט קיין גלייכן אין די ווערק פון די היסטאָריקערס פון עלפטן, צענטן י״ה פאַר ק.ג. (בבל, אשור, פּערסיע, עגיפּטן) — מיט זייער שאַרפקייט, קלאָרקייט און אמתדיקײַט. עס ווערן קלאָר און אָפן באַשריבן די מעלות און חסרונות פון די קעניגן, נביאים פון די ייִדן, אַפילו זייערע פאַרברעכנס און פּאַראַט־מעשים קעגן זייער פאָלק (די מעשה פון שאול און זײַן פרעגן ביי דער מכשפה פון עין דור און פרוּוון אַרויסברענגען פון קבר דעם נביא שמואל, וואָס איז פאַרווערט פון דער תורה; די מעשה פון דוד און בת שבע; זײַן באַוואָפנטן קאַמף קעגן זײַן פאָלק אויפן צד פון די פּלישתים; ווי שלמה המלך האָט געבויט טעמפּלען פאַר פרעמדע געטער; די מעשה פון אַחאב און נבות; די אכזריות פון אליהו הנביא לגבי די כהנים פון בעל).

הגם די טראַדיציע שרײַבט צו די ספרים פון תנ״ך צו די פּערזאָנען, וואָס זייערע נעמען זײַנען אָנגעגעבן אין אָנהויב פונעם ספר (שמואל כתב ספרו, ירמיהו כתב ספרו וספר מלכים (בבא בתרא יד), איז דאָס היסטאָריש ניט ריכטיק.

אין דער נאָך־ביבלישער תקופה זײַנען געשאַפן געוואָרן ווערק וועגן וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן, ווי דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים, לערך 280 יאָר נאָך די צײַטן פון עזרא און נחמיה. באַזונדערס דער ספר המכבים א׳, וואָס איז געשריבן געוואָרן פון אַן אויסגעצייכנטן היסטאָריקער. ער דערציילט די געשיכטע פון דעם חשמונאים־אויפשטאַנד, ווי אַ פּאַטריאָטישן קאַמף פאַר פרײַהײַט, אָן די נסים און די איבערנאַטירלעכע געשעענישן, וואָס ווערן באַשריבן אין תלמוד און אין די מדרשים וועגן חנוכה. אין ספר המכבים א׳ ווערט באַשריבן, אַז די ייִדן האָבן באַזיגט די שטאַרקע סירישע אַרמייען אַדאַנק זייער פּאַטריאָטיזם און העלדישקייט פון די פירערס, און זיי האָבן דערפירט צו דער זעלבשטענדיקײַט פון דער ייִדישער מלוכה.

אויך דער נאָמען פון דעם טאַלענטירטן היסטאָריקער איז אונדז ניט באַוווּסט.

דער איינציקער גרויסער געשיכטע־שרײַבער פון אַלטערטום, וואָס

קען זיך פאַרגלייכן מיט די באַרימטע היסטאָריקערס פון די גריכן און רוימער פון זיין צײַט און פון די פריערדיקע צײַטן.

טהוקידידעס

טאַציטוס

טיטוס ליוויוס.

איז דער יידישער היסטאָריקער יוסף בן מתתיהו, פלאַוויוס יאָזעפוס. וועגן דער דאָזיקער מערקווירדיקער, קאָנטראָווערסיעלער פערזענלעכקײַט, וועגן זײַן לעבן און אַן אַרײַנבליק אין זײַנע ווערק וועט זײַן די רייד אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען.





שער־בלאַט פון דער ענגלישער איבערזעצונג פון יאָזעפוס פלאַוויוסעס ווערק דורך וויליאַם וההיסטאָן. די ערשטע אויפלאַגע איז אַרויס אין 1737. שפעטער אַ סך מאָל איבערגעדרוקט

# מאָמענטן פון יוספס לעבן

יוסף בן מתתיהו, אָדער ווי ער איז באַקאַנט אין דער ניט־ייִדישער וועלט, פלאַוויוס יאָזעפוס — לויט דער פאַמיליע־נאָמען פון די רוימישע קייסאָרים אַספּאַסיאַנוס און טיטוס — איז געבאָרן געוואָרן אין ירושלים אין יאָר 37־38, אין אַ משפחה פון כהנים, און פון זײַן מוטערס צד האָט ער געשטאַמט פון די חשמונאים, פון „קעניגליכן בלוט״. ער האָט אונדז איבערגעלאָזן פיר ווערק — צוויי גרעסערע: די מלחמה פון די ייִדן מיט די רוימער, אין 7 ביכער, און די ייִדישע אַלטערטימלעכע געשיכטע (ייִדישע אַרכעאָלאָגיע) — אין 20 ביכער; צוויי קלענערע ווערק: דאָס לעבן פון יאָזעפוס אין צוויי ביכער, און קעגן אַפּיאָן. די צוויי קלענערע ווערק האָט ער אָנגעשריבן אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, לערך אין סוף פון ערשטן יאָרהונדערט.

אַלץ וואָס מיר ווייסן וועגן זײַן ביאָגראַפיע, געפינען מיר אין זיין ווערק „דאָס לעבן״. לויט זײַן באַשרײַבונג איז ער שוין צו פערצן יאָר געווען אָנגעזעען ביי די געלערנטע פון ירושלים, און מ׳פלעגט זיך מיט אים אָן עצה האַלטן וועגן פראַגעס פון געזעץ. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די עקסיסטירנדיקע דרײַ ייִדישע פּאַרטייען פּרושים, צדוקים און אסיים. ער האָט אפילו דרײַ יאָר פאַרבראַכט אין מדבר, ווי איינער פון די אסיים, זיך געשפּײַזט מיט די פּרוכט וואָס איז געוואַקסן בײַם ראַנד פון מדבר, און האָט זיך אָפּט — בײַ טאָג און בײַ נאַכט — געטובלט אין קאַלטע וואַסער. דערנאָך איז ער געקומען צוריק קיין ירושלים, ווײַל לויט זײַן טעמפּעראַמענט און גײַסטיקער דיספּאָזיציע איז ער געווען געניגט צו אַן אַקטיוון געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי פּרושים און האָט אָנטייל גענומען אין עפנטלעכן לעבן פון ירושלים.

צו 26 יאָר איז יוסף דעלעגירט געוואָרן פון סנהדרין קיין רוים מיט אַ דיפּלאָמאַטישער מיסיע: אייניקע כהנים, זײַנע באַקאַנטע, זײַנען פון דער רוימישער מאַכט אַרעסטירט געוואָרן, צוליב עפּעס אַ קלייניקײַט, און געשיקט געוואָרן קיין רוים געמשפּט צו ווערן אין געריכט. זיי זײַנען דאָרטן געזעסן אין תפיסה און עס איז ניט געווען קיינער וואָס זאָל זיך

פאַר זיי אָננעמען. יאָזעפוס איז אָנגעקומען קיין רוים נאָך אַ שיפבראָך, און האָט זיך צופעליק באַקאַנט מיט „אַליטורוס, אַן אַקטיאָר פון שפּילן (טעאַטער), אַ ליבלינג פון קייסער נעראָ, אָבער אַ ייִד פון געבורט". יאָזעפוס דערציילט אין „דאָס לעבן": „אַליטורוס האָט מיך פאַרגע־שטעלט פאַר דער קייסערין פּאָפּעיאַ, זי האָט מיך מקרב געווען, האָט מיר געגעבן מתנות, האָט באַזאָרגט דאָס באַפרייען די אַרעסטירטע כהנים. דאַן האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים".

ווען יאָזעפוס איז געקומען קיין ירושלים, אין פרילינג פון יאָר 66, האָט ער געפונען די שטאָט אין צושטאַנד פון אויפרודערונג. עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד קעגן דער רוימישער מאַכט.

## אַ בליק אין דער געשיכטע פון דער זעלבשטענדיקער יהודה

כּדי צו באַקומען אַ באַגריף וועגן די דראַמאַטישע געשעענישן פון יענער צײַט אין ישראל, מוזן מיר זיך אומקערן צו דער פריערדיקער תקופה פון דער ייִדישער געשיכטע, איידער עס האָט זיך אָנגעהייבן דער אויפשטאַנד קעגן די רוימער.

די פּאָליטישע זעלבשטענדיקײַט פון דער ייִדישער מלוכה נאָך דעם חשמונאים־אויפשטאַנד האָט געדויערט זייער אַ קורצע צייט. סך הכל 77 יאָר פון 140 פ.ק., ווען דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק פון יהודה האָט דורך אַ פײַערליכן אַקט באַשטעטיקט פאַר שמעונען, דעם זון פון מתתיהו פון די חשמונאים, דעם אַמט פון כהן גדול און נשיא (פאָלקספירער), און דערמיט איז דערקלערט געוואָרן די זעלבשטענדיקײַט פון מלכות יהודה; די אומאָפּהענגיקײַט און באַפרײַאונג פון דער סירישער הערשאַפט — ביז דעם יאָר 63, ווען פּאָמפּעיוס, דער רוימישער גענעראַל האָט אײַנגענומען ירושלים, און יהודה איז געוואָרן אַ מלוכה אונטער דער פּראָטעקטאָראַט פון רוים.

אין אָט דער קורצער צײַט פון יהודה'ס זעלבשטענדיקײַט זײַנען פאָרגעקומען אינערלעכע אומרוען און שאַרפע קאַמפן צווישן די צוויי ייִדישע פּאַרטייען פּרושים און צדוקים איבער דער השפּעה אויף דער מלוכה־פירונג.

די צדוקים, וואָס האָבן געהערט צו דער אַריסטאָקראַטיע פון פאָלק, האָבן געשטיצט די פּאָליטיק פון די מלכים יוחנן הורקנוס און אַלעקסאַנדער ינאי און זייער פירונג אײַנצונעמען געגנטן און

טעריטאָריעס, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו דער ייִדישער מדינה, אָבער מיט דער צײַט זײַנען זיי באַזעצט געוואָרן פון די שכנישע פעלקער (אדומים, סיריער, אַראַבער, גריכן).

די פרושים, ווידער, האָבן געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף פאַרשטאַרקן דעם ייִדישן גײַסט לויט די טראַדיציעס און דינים פון דער תורה; ייִדן דאַרפן ניט זײַן ככל הגוים און זיך פאַרנעמען מיט מיליטערישע אַוואַנטורעס, וואָס פירן צו ווײַטערדיקע מלחמות און שנאה פון די שכנים. עס איז אָפט דערגאַנגען צו בלוט־פאַרגיסונגען צווישן די אָנהענגער פוןביידע פּאַרטייען. דאָס פאָלק איז געווען מיט די פרושים און די פאַרמעגלעכע שיכטן האָבן געשטיצט די אויסערן־פּאָליטיק פון די קעניגן, וואָס האָבן אין זייער רשות געהאַט די מיליטערישע מאַכט.

שפּעטער, נאָך דעם טויט פון אַלעקסאַנדער ינאי און זײַן פרוי שלומית אַלעקסאַנדראַ, איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפער אינערלעכער קאַמף צווישן זייערע צוויי זין, הורקנוס און אַריסטובול, וועגן דער הערשאַפט אין לאַנד. אין יענער צײַט זײַנען אין רוים פאָרגעקומען גרויסע פּאָליטישע געשעענישן: די רוימישע מלוכה, וואָס איז שוין דעמאָלט (אין מיטן פון ערשטן יאָרהונדערט פאַר דער אַלגעמיינער צײַטרעכענונג) געווען אַ מעכטיקער וועלט כּוח, וואָס האָט געהערשט איבער כמעט גאַנץ מערב־אייראָפּע, און אירע זיגערישע לעגיאָנען האָבן, חוץ אייראָפּע, שוין באַצוווּנגען קאָלאָסאַלע שטחים פון אַפריקע און אַזיע, מיט צענדליקער פעלקער און שבטים, איז געשטאַנען אויפן שוועל פון גרויסע אויפטרייסלונגען: דער איבערגאַנג פון אַ רעפּובליקאַנישער אָרדענונג אין קייסערליכער הערשאַפט פון אַ מעכטיקער אימפּעריע. נאָך אַ גאַנצער ריי קאַמפן, מיליטערישע זיגן האָט זיך געשאַפן אין רוים אַ טריומוויראַט (אַ פאַראייניקונג פון 3 מענער) פון גרויסע מיליטער־פירערס, וואָס האָבן צווישן זיך צעטיילט די הערשאַפט איבער דער רוימישער אימפּעריע: יוליוס צעזאַר איז געוואָרן דער פירער פון די מיליטערישע כּוחות איבער די מערבדיקע פּראָווינצן פון דער אימפּעריע, פּאָמפּעיוס — האָט איבערגענומען די מאַכט איבער די מזרחדיקע פּראָווינצן און לענדער, און קראַסוס איז מיט די רוימישע לעגיאָנען געגאַנגען אין די ווײַטסטע פּראָווינצן פון דער אימפּעריע אין אַזיע.

די קליינע פּראָווינץ יהודה, וואָס איז געווען אינערלעך צעריסן, ווו

די פּאַרטייען האָבן זיך קעגנזײַטיק באַקעמפט, אויך די 2 ברידער וואָס האָבן באַדאַרפט אין אַזאַ אומרויקער צײַט איבערנעמען די מלוכה־פירונג, האָבן אויך ניט געקענט דורכקומען צווישן זיך. ווער זאָל איבערנעמען די ירושה פון זייער מוטער, — אין די צײַט האָבן די מעכטיקע רוימישע לעגיאָנען, אָנגעפירט פון דעם קריגספירער פּאָמפּיוס, זיך דערנענטערט צו די גרענעצן פון סיריע און ארץ ישראל.

די צוויי ברידער הורקנוס און אַריסטבול האָבן זיך געווענדט צו פּאָמפּעיוסן, ער זאָל פאַרמיטלען אין דעם סכסוך צווישן זיי, און ער זאָל פסקענען ווער זאָל זײַן קעניג איבער ארץ ישראל; חוץ די ברידער האָט זיך צו פּאָמפּעיוסן געמאָלדן אַ דעלעגאַציע, וואָס האָט אין נאָמען פון פאָלק פאַרלאַנגט אָפּצושאַפן די מלוכה־אָרדענונג און צוריק איינשטעלן אין יהודה אַ טעאָקראַטישן סדר (אַ סיסטעם פון רעגירונג, ווו רעליגיע שפּילט די הויפּט ראָליע און די גײַסטלעכע הערשן אין לאַנד).

פּאָמפּעיוס האָט אַרויסגעגעבן זײַן פּסק, אַז הורקנוס, דער עלטסטער זאָל זײַן דער הערשער און אַריסטובול זאָל זיין כהן גדול. דאָס איז געווען אין די אינטערעסן פון רוים, ווײַל הורקנוס איז געווען אַ שוואַכער אין כאַראַקטער, ניט אַגרעסיוו, און ער וועט זײַן וויניקער געפערלעך פאַר דער רוימישער מאַכט. אַריסטובול האָט לכתחילה מסכים געווען צום פּסק, אָבער שפּעטער האָט ער אַרויסגעוויזן זיין קעגנערשאַפט, ווײַל ער איז געווען קריגעריש און זעלבשטענדיק. דעמאָלט האָט פּאָמפּעיוס מיט זײַנע לעגיאָנען אײַנגענומען ירושלים, און האָט דערקלערט גאַנץ ארץ ישראל אונטער דער פּראָטעקטאָראַט פון רוים.

די ייִדן האָבן באַקומען אַ געוויסע אינערלעכע רעליגיעזע אויטאָנאָמיע. די כהנים האָבן ווידער אײַנגעפירט די עבודה אין בית המקדש, אָבער פּאָליטיש איז יהודה געווען אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון רוים — אין אַלע וועלטלעכע ענינים. דער סנהדרין האָט פונקציאָנירט, ער האָט אָבער געהאַט דאָס רעכט צו באַטראַכטן און באַשליסן וועגן רעליגיעזע און געלט־ענינים (דיני ממונות).

דאָס איז פאָרגעקומען אין 63 פאַר דער אַלגעמיינער צײַטרעכענונג. הורקנוס איז דורך פּאָמפּעיוסן באַשטימט געוואָרן ווי דער עטנאַרך־ציווילער פירער פון פאָלק — אָן דעם טיטל קעניג.

אַנטיפּאַטער, איינער פון די חשובע לײַט פון די אדומים, וועלכע

האָבן אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן, ווען זייַער לאַנד איז איַינגענומען געוואָרן מיט יאָרן צוריק פון יוחנן הורקנוס, איז געוואָרן דער ראַטגעבער פון הורקנוסן, דעם עטנאַרך פון יהודה. אַנטיפּאַטער איז געווען זייער אַן ענערגישער און אַ געשיקטער דיפּלאָמאַט, און הורקנוס האָט אים אין אַלץ געפאָלגט. מיט דער צייַט איז דער אדומי געוואָרן דער גאַנצער דעה־זאָגער אין לאַנד. ער האָט באַשטימט זייַנע צוויי זין ווי די מיליטערישע פירערס פון דער פּראָווינץ גליל און אין ירושלימער קרייַז.

זייַן ייִנגערער זון הורדוס איז שפּעטער געוואָרן קעניג פון יהודה, באַשטעטיקט פון רוים.

די צייַט איז געווען זייער אַ דעצידירנדיקע אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון דער רוימישער אימפּעריע. דער ערשטער טריומוויראַט איז זיך צעפאַלן. יוליוס צעזאַר האָט באַזיגט זייַנע קעגנערס פון טריומוויראַט און איז אַליין געפאַלן אַ קרבן פון אַ אַטענטאַט אויף זייַן לעבן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צווייטער טריומוויראַט, און איינער פון די דריי — אָקטאַוויאַנוס, אַ פּלימעניק פון יוליוס צעזאַר, איז געוואָרן דער איינציקער הערשער פון דער אימפּעריע. רוים איז געוואָרן אַ מאָנאַרכיע און עס איז איַינגעשטעלט געוואָרן די פּאַקס ראָמאַנאַ — דער רוימישע שלום — 27 פ.ק.ג.

הורדוס איז געוואָרן דער קעניג פון יהודה אַ דאַנק פּאָליטישע אינטריגעס און אונטערטעניקייט צו די רוימישע הערשערס. ער האָט פאַרפעסטיקט זייַן ממשלה און לאַנד און האָט געהערשט 33 יאָר ביזן יאָר 4 פ.ק.ג. ער האָט פאַרגרעסערט די טעריטאָריע פון ארץ ישראל, האָט פאַרפעסטיקט די שטעט און האָט איבערגעבויט דעם בית המקדש. אין תלמוד ווערט געזאָגט: „ווער עס האָט ניט געזען דעם בית המקדש, וואָס הורדוס האָט געבויט, האָט ניט געזען קיין שיינעם בנין אין זייַן לעבן".

אָבער דאָס פאָלק האָט אים פייַנט געהאַט צוליב זייַן פרעמדן אָפּשטאַם, צוליב זייַנע אכזריות צו דער ייִדישער אַריסטאָקראַטיע און צו דער משפּחה חשמונאים, וואָס זייַנען נאָך פאַרבליבן, און צוליב זייַן פאַראַכטונג פאַרן סנהדרין. ער האָט מיט דער גרעסטער גרויזאַמקייט אומגעבראַכט דעם אייניקל פון הורקנוס, וואָס דאָס פאָלק האָט אים באַטראַכט ווי דער קומענדיקן כהן גדול. אפילו זייַן אייגענע פרוי מרים

(מאַריאַמנע) פון דער חשמונאים משפחה און זײַנע 2זין וואָס זײַן פרוי האָט אים געבוירן, זײַנען אויך געפאַלן ווי קרבנות פון זײַן אכזריות און חשדים, אַז די ייִדן ווילן אים אומברענגען.

נאָך זײַן טויט איז זײַן עלטסטער זון אַרכעלאַוס געוואָרן קעניג איבער יהודה, אָבער די ייִדן האָבן זיך באַקלאָגט אויף אים פאַרן רוימישן קייסער און אַרכעלאַוס איז באַזײַטיקט געוואָרן פון זײַן אַמט און פאַרשיקט געוואָרן פון לאַנד. לויטן באַשלוס פון רוימישן סענאַט איז ארץ ישראל געוואָרן אַ פּראָווינץ פון רוים און בראש פון לאַנד איז באַשטימט געוואָרן אַ פּראָקוראַטאָר (אפּוטרופּוס).

יהודה מיט שומרון און אדום זײַנען געוואָרן אײַנגעשלאָסן אין דעם פּראָווינץ סיריע, אָבער ווי אַ באַזונדערע געגנט מיט אַ זעלבשטענדיקן פּראָקוראַטאָר.

## די צײַט פון די פּראָקוראַטאָרן

די פּראָקוראַטאָרן האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו האַלטן אָרדענונג אין די פּראָווינצן. זייער הויפּט־פונקציע איז געווען ניט צו דערלאָזן קיין סימן פון אומגעהאָרכזאַמקײַט צו דער רוימישער מאַכט, און אַז די באַפעלקערונג זאָל צאָלן די באַשטימטע שטײַערן דער מלוכה.

בדרך כלל זײַנען זיי געווען שטרענגע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך ניט גערעכנט מיט די סענטימענטן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, און פלעגן מיט אויסערגעוויינלעכער אַכזריות דערשטיקן יעטוועדער פּרוּוו פון ניט פאָלגן דער מאַכט. זיי האָבן געהאַט אין זייער רשות די לעגיאָנען, וואָס זײַנען געווען סטאַנציאָנירט אין דער פּראָווינץ.

וועגן איינעם אַ פּראָקוראַטאָר איבער יהודה שרײַבט יאָזעפוס אין זײַן ווערק „די ייִדישע מלחמה״: „נישט געווען קיין איין שענדלעכע מעשה, וואָס ער זאָל ניט האָבן געטאָן. לא דַי וואָס ער האָט באַגנבעט די עפנטלעכע קאַסעס, אָפּגערויבט בײַ אַ סך פּריוואַטע מענטשן זייער אייגנס און באַשווינדלט דאָס גאַנצע פאָלק מיט אָפּצאָלונגען, — האָט ער נאָך פרײַגעלאָזט אַזעלכע מענטשן, וואָס די פריערדיקע פּראָקוראַטאָרן האָבן זיי געהאַט אַרײַנגעזעצט אין תפיסה פאַר גזילות, אויב זייערע קרובים האָבן פאַר זיי אַרײַנגעטראָגן אויסקויפגעלט, און בלויז די, וואָס האָבן ניט געקענט צאָלן, זײַנען פאַרבליבן ווי פאַרברעכערס אין תפיסה״.

„פון דעסטוועגן האָט אַלבינוס זיך אַרויסגעוויזן נאָך פאַר אַ מוסטער פון גערעכטיקייט אין פאַרגלייַך מיט געסיוס פלאָרוס, וואָס איז געווען נאָך אים. געסיוס האָט אַרויסגעוויזן זייַנע פאַרברעכנס פראַנק און פרייַ פאַרן גאַנצן פאָלק. פאַר קיין גזילה און רציחה האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט, פונקט אַזוי ווי ער וואָלט געווען געשיקט אַלס תליון, בכדי צו באַשטראָפן פאַרמשפּטע.

אין זייַן אכזריות האָט ער פון קיין רחמנות ניט געוווסט. אין זייַן רשעות — פון קיין בושה נישט. ער האָט באַגזלט גאַנצע שטעט און חרוב געמאַכט גאַנצע קהילות, גאַנצע געביטן האָבן אָנגעוואָרן זייער באַפעלקערונג דורך זייַן בלוטגיריקייַט".

די יידישע מלחמות, בוך צוויי, קאַפּיטל 14.
יידישע איבערזעצונג פון ז. קאַלמאַנאָוויטש, ווילנע 1923.

* * *

די פאַר יאָר וואָס יוסף האָט געלעבט אין רוים האָט ער פאַרבראַכט אין די אַריסטאָקראַטישע קרייַזן פון דער הויפּטשטאָט. ער איז געווען פול מיט באַוווּנדערונג פאַר דער מאַכט פון רוים און פאַר דער דיסציפּלין פון אירע איינוווינערס. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דעם געדאַנק, אַז רוים איז אומבאַזיגלעך. הגם ער איז געווען צוגלייַך מיט דער גאַנצער ירושלימער באַפעלקערונג אויפגערעגט קעגן דער אַכזריות און באַליידיקנדיקער באַציונג פון די פּראָקוראַטאָרן, האָט ער אָבער געהאַלטן, אַז מ'דאַרף זיך אָפּהאַלטן פון מלחמה, ווייַל דאָס וועט ברענגען אַ פּיל גרעסערן אומגליק פאַרן לאַנד.

יוסף איז געקומען קיין ירושלים אין פרילינג 66, בעת פלאָרוס האָט מיט זייַנע אומווירדיקע מעשים אַזוי אויפגערייצט דאָס פאָלק, אַז די שטאָט איז שוין געווען אין אַ שטימונג פון אויפשטאַנד קעגן רוים.

ירושלים איז שוין דעמאָלט געווען צעטיילט אויף צוויי געזעלשאַפטלעכע שיכטן בנוגע זייער שטעלונג לגבי דער רוימישער מאַכט: די שלום־פּאַרטיי און די קנאים (זעלאָטן), וואָס האָבן זיך קעגנזייַטיק באַקעמפט.

די שלום־פּאַרטיי האָט זיך געשטיצט דער עיקר אויף די רייכע און געלערנטע קרייַזן פון שטאָט. צוליב זייערע מאַטעריעלע אינטערעסן, אויך צוליב זייער בעסערער באַקאַנטשאַפט מיט דער אַלגעמיינער לאַגע פון דער רוימישער וועלט. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז יהודה איז אַ קליין אָרעם לאַנד אַרומגערינגלט מיט סיריער און גריכן, און מיט

אַנדערע פעלקער־שכנים, וואָס זײַנען ניט קיין פרײַנד פון די ייִדן, דעריבער דאַרף מען מיט אַלע מיטלען און מיט דעם גרעסטן געדולד זיך אָפּהאַלטן פון עקסטרעמע האַנדלונגען, וואָס קאָן דערצערענען די רוימער.

די קנאים זײַנען באַשטאַנען פון די פאָלקס־עלעמענטן, באַזונדערס פון דער יוגנט און רעוואָלוציאָנער־געשטימטע, אָרעמע שיכטן פון פאָלק, וואָס האָבן שוין ניט געקאָנט פאַרטראָגן די כסדרדיקע פּראָוואָקאַציעס פון פּראָקוראַטאָר, און האָבן גערופן צו אַן אָפענעם אויפשטאַנד קעגן די אונטערדריקער.

די פירערס פון די צוויי גרויסע פּאַרטייען — פון די פרושים און צדוקים האָבן זיך באַמיט צו באַרויִקן די אויפגעברויזטע רעוואָלוציאָנערע יוגנט, אָבער דאָס האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן און די השפּעה פון די קנאים איז געוואַקסן, און עס איז געקומען צו אַן אָפענעם אויפשטאַנד, וועלכע דער פּראָקוראַטאָר האָט געוואָלט דערשטיקן מיט אַן אָנפאַל פון די רוימישע סאָלדאַטן אויף די פרידליכע איינוווינער פון ירושלים.

דער ייִדישער קעניג אַגריפּאַס II (פון דער הורדוס־משפּחה), וואָס האָט, לויט דער באַשטימונג פון דער רוימישער מאַכט, געהערשט איבער אַ טייל פון מזרחדיקן ירדן־ברעג, און האָט אויך געהאַט די השגחה איבערן בית המקדש, איז געקומען קיין ירושלים צוזאַמען מיט זײַן שוועסטער בערעניקאַ, האָט געהאַלטן פאַר די פאַרזאַמלטע ייִדן אַ שטאַרקע רעדע זיי זאָלן אָפּשטעלן די מרידה, ווײַל דאָס לאַנד טאָר זיך ניט קעגנשטעלן דער מעכטיקער רוים, וואָס האָט באַצוווּנגען די גאַנצע וועלט, און גרויסע שטאַרקע פעלקער האָבן זיך אונטערגעגעבן און געמאַכט שלום מיט זייער גורל (די רעדע פון אַגריפּאַס ווערט געבראַכט אין יאָזעפוסעס ווערק „די ייִדישע מלחמה", אויפן שטייגער פון די גריכישע און רוימישע היסטאָריקערס פון אַלטערטום, וואָס גיבן אין זייערע ווערק די רעדעס פון גרויסע מענטשן בעת וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן.

די לאַנגע אויספירלעכע רעדעס אין דערהויבענעם, פּאַטעטישן טאָן זײַנען געווײנלעך די שאַפונגען פון די היסטאָריקערס, און דריקן אויס זייער קוק־ווינקל אויף די תקופות, וואָס זיי באַשרייבן אין די ווערק).

די ייִדן פון ירושלים האָבן ניט געפאָלגט אַגריפּאַסן. זיי האָבן

אויסגעשריען פּראָטעסטן און באַליידיקנדיקע פײַנדלעכע אויסרופן קעגן אים און קעגן דעם פּראָקוראַטאָר.

ווען דער רוימישער פּראָקאָנסול פון סיריע קעסטיוס גאַלוס האָט זיך דערוווּסט פון דער מרידה, איז ער געקומען קיין יהודה מיט אַן אַרמיי פון 25 טויזנט סאָלדאַטן. זײַן פּרוּוו צו שטורעמען ירושלים האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, און ער מיט זײַנע לעגיאָנען האָבן פאַרלאָזן די שטאָט. אויפן וועג צוריק זײַנען די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן באַפאַלן זײַן אַרמיי מיט אויסערגעוויינלעכן מוט און פאַרביסנקײַט, און האָבן געבראַכט די רוימער גרויס שאָדן אין מענטשן און מאַטעריאַל.

דער נצחון איבער די רוימישע מיליטער־אָפּטיילונגען האָט געשאַפן אַ שטאַרקע באַגײַסטערונג צווישן דער באַפעלקערונג פון ירושלים און אפילו די מעסיקע עלעמענטן זײַנען צוגעטראָטן צום אויפשטאַנד, כדי עס זאָל ניט פאַלן אויף זיי קיין חשד, אַז זיי זײַנען פרײַנד פון רוים און שונאים פון פאָלק, וואָס קעמפט פאַר פרײַהײַט.

דעמאָלט האָט זיך געשאַפן אַ רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, און עס זײַנען באַשטימט געוואָרן קאָמאַנדירן פון דער ייִדישער אַרמיי, וואָס דאַרפן פירן די מלחמה מיט די רוימער אין פאַרשיידענע וויכטיקע גרענעץ־פּונקטן פון לאַנד.

יוסף ווערט באַשטימט ווי דער קאָמאַנדיר פון גליל. גליל, דער צפונדיקער טייל פון ארץ ישראל, וואָס איז געווען דער וויכטיקסטער סטראַטעגישער פּונקט, ווײַל די רוימישע אַרמיי האָט געזאָלט אָנקומען פון צפון, איז איבערגעגעבן געוואָרן צו פאַרטיידיקן יוספן, הגם ער איז געווען באַקאַנט פון זײַנע אָנשויונגען בנוגע דער אומבאַזיגלעכקײַט פון רוים. די סיבה פון זײַן באַשטימונג ווי דער קאָמאַנדיר פון דער גליל־אַרמיי איז ניט קלאָר. אין צוויי באַריכטן אין זײַנע ווערק איז ער זיך סותר. אין דער „מלחמה" זאָגט ער, אַז ער איז פון דעם סנהדרין באַשטימט געוואָרן ווי דער קאָמאַנדיר, אָבער אין „דאָס לעבן פון יאָזעפוס", וואָס ער האָט געשריבן אַ סך יאָרן נאָך דער מלחמה דערציילט ער, אַז ער און נאָך צוויי פּרושים זײַנען פון סנהדרין געשיקט געוואָרן קיין גליל כדי זיך צו דערוויסן וועגן די שטימונגען פון דער באַפעלקערונג און צו באַווירקן די רעוואָלוציאָנערן אין גליל צו אונטערגעבן זיך די רוימער.

יוסף איז געקומען קיין גליל מיט אַן אַרמיי פון ייִדישע פרײַוויליקע

פון ירושלים. ער איז דעמאָלט אַלט געווען בײַ 30 יאָר, און האָט זיך באַמיט צו פאַרפעסטיקן די אינערלעכע אָרדענונג אין דער פּראָווינץ. דערנאָך האָט ער באַפעסטיקט די שטעט פון גליל, און האָט אויסגע־מושטרירט די אַרמיי אויפן רוימישן אופן מיט דער מיליטערישער דיסציפּלין.

אָבער די אָרטיקע קנאים האָבן געפירט קעגן יוספן אַן ענערגישע אַגיטאַציע, אַז ער גיט זיך ניט אָפּ מיט דער דרינגלעכער פּראָבלעם פון לאַנד־פאַרטיידיקונג. זיי האָבן אים אפילו חושד געווען, אַז ער גרייט זיך איבערצוגעבן די פּראָווינץ צו די רוימער. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שנאה צו אים דער אָנפירער פון גלילער קנאים יוחנן פון גוש חלב. יאָזעפוס באַשרייבט אים ווי אַן אַוואַנטוריסט און אַ מערדער, אַ רויבער. בכלל, האָט ער קיין אַנדער באַצייכענונג ניט פאַר די קנאים אין לאַנד — פון ירושלים און גליל — ווי רויבער און מערדער „ליסטאַי״ וועלכע האָבן געבראַכט דעם חורבן פון ארץ ישראל.

יוחנן פון גוש חלב און די גלילער קנאים האָבן פאַרמסרט יוספן פאַרן סנהדרין, אַז ער איז אַ פאַררעטער פון די ייִדן און פרײַנד פון די רוימער, און האָבן געוואָרנט די פירערס פון ירושלים, צו באַזײַטיקן יוספן פון זײַן אַמט, ווי דער קאָמאַנדיר פון ייִדישן ווידערשטאַנד.

יוסף האָט זיך דערוווּסט פון דעם און האָט צעשטערט די פּלענער פון די קנאים, ער איז פאַרבליבן אויף זײַן אַמט.

ווען די ידיעה וועגן דעם ייִדישן אויפשטאַנד איז דערגאַנגען צום רוימישן קייסער נעראָן, האָט ער באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי צו דערשטיקן די מרידה דעם גענעראַל פלאַוויוס וועספּאַסיאַנוס (אין די תלמודישע מקורים ווערט ער אָנגערופן אַספּסינוס קיסר). ער איז שוין געווען באַרימט ווי דער מיליטער־פירער, דער באַזיגער פון די בריטן. ער איז געקומען קיין סיריע מיט אַ גרויסע אַרמיי פוסגייערס, רײַטערס און באַלאַגערונג־מאַשינען. מיט אים צוזאַמען איז געקומען ווי דער קאָמאַנדיר פון אַן אַרמיי זײַן יונגער זון טיטוס. בסך הכל זײַנען קײַן סיריע געקומען בײַ 60 טויזנט דיסציפּלינירטע, מלחמה־דערפאַרענע זעלנער מיט זייערע לעגיאָנען־פירערס, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס, מיט די בעסטע מלחמה־מכשירים פון יענער צייט.

אין אַ ספּעציעלן קאַפּיטל פון „די ייִדישע מלחמה שילדערט יוסף די מוסטערדיקע אָרדענונג פון רוימישן חייל און פון לאַגער. צום סוף פון

דריטן קאַפּיטל זאָגט ער: „מיט דער דאָזיקער שילדערונג בין איך ניט אויסן אַזוי צו לויבן די רוימער, ווי צו טרייסטן די אונטעריאָכטע און ברענגען צו אַנדערע געדאַנקען די, וואָס גלוסטן צו מורד זײַן. וואָס איז דער וווּנדער, אַז אַזאַ פאָלק האָט אַלס גרענעצן פון זײַן מלוכה אין מזרח־זײַט דעם טײַך פּרָת, און מערב זײַט דעם אָקעאַן (אַטלאַנטישן). אין דרום־זײַט די וויסטע פעלדער פון ליביע און אין צפון־זײַט דעם דונאַי און דעם רהיין?"

## די רוימישע לעגיאָנען אין גליל

מיט אַ דער מעכטיקער אַרמיי איז וועספּאַסיאַנוס אָנגעקומען קיין גליל. אין אַ קורצער צײַט האָבן די רוימער אײַנגענומען דעם אונטערשטן גליל, און אַ סך פון יוספס סאָלדאַטן, וואָס זײַנען געווען פון דער פאָלקסמיליץ, אָן פריערדיקער מלחמה־דערפאַרונג, זײַנען פון אים אַוועק, און דער קערן פון דער ייִדישער אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן צו דער שטאָט יודפת, וואָס איז געווען אַן אומצוטריטלעכע פעסטונג. וועספּאַסיאַנוס האָט אײַנגעזען, אַז מיט שטורעם וועט ער די פעסטונג אַזוי גיך ניט קענען אײַננעמען, האָט ער מיט דער גאַנצער אַרמיי באַלאַגערט יודפת.

לויט יאָזעפוסעס באַשרײַבונג האָבן די ייִדן זיך העלדיש פאַרטייַדיקט, און ער גופא האָט אויסגעפונען פאַרשיידענע מיטלען און אײַנפאַלן, אַז זײַנע סאָלדאַטן זאָלן פון דער פעסטונג אויס פאַרביסן קעמפן מיט די באַלאַגערער און פאַרשאַפן זיי שווערע מפּלות.

47 טעג האָבן די באַלאַגערטע ייִדן זיך קעגנגעשטעלט דעם רוימישן מיליטער און מיט אומבאַשרײַבלעכע העראָישקײַט אויסגעהאַלטן דעם שטורעם פון די ברעך־מאַשינען, שלײַדער־מאַשינען, קאַטאַפּולטן און אומצאָליקע אָנפאַלן פון די רוימישע לעגיאָנען. ביידע צדדים האָבן געליטן מוראדיקע אבידות, אָבער בעת די ייִדן האָבן געמוזט זיך פאַרלאָזן אויף די אייגענע כוחות, וואָס זײַנען אַלץ וויניקער געוואָרן, האָבן די רוימער געוואָרפן אין שלאַכט אַלץ פרישע אָפּטיילונגען.

צום סוף האָט זיך די באַלאַגערערס אײַנגעגעבן צו אַרײַנרײַסן אין שטאָט. דעמאָלט איז יוסף אַנטרונען געוואָרן אין אַ הייל אויסער דער פעסטונג, ווו עס זײַנען שוין געווען פערציק מענטשן פון דער פאַר־

בליבענער אַרמיי. אין דער הייל איז יוספן געקומען די געדאַנק צו ראַטעווען זיך, און זיך איבערגעבן אין געפאַנגענשאַפט.

אַספּאַסיאַנוס האָט געשיקט שלוחים צו יוספן ער זאָל זיך אונטערגעבן, און ער וועט אים שענקען דאָס לעבן, ווײַל ער האָט מוטיק געקעמפט ווי אַ קאָמאַנדיר. די ייִדישע סאָלדאַטן האָבן געדראָט יוספן, אַז אויב ער וועט מיטן גוטן ווילן זיך אונטערגעבן די רוימער, וועלן זיי אים באַטראַכטן ווי אַ פאַררעטער און זיי וועלן אים טויטן.

די פאַרבליבענע, ייִדישע מלחמה־לייט האָבן גיכער געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד און זייער קאָמאַנדיר צוזאַמען מיט זיי, איידער זיך איבערגעבן דעם שונא. דאַן האָט יוסף געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע צו דערווײַזן, אַז נעמען זיך דאָס לעבן איז ניט ווערדיק פאַר אַ קריגסמאַן. ער האָט זיי געראָטן, זיי זאָלן טויטן זייערע חברים לויט אַ גורל.

* * *

יאָזעפוס שרײַבט אין זײַן „מלחמה״ „צי דורך אַ צופאַל אָדער דורך דעם אויבערשטנס השגחה, איז יוסף געבליבן מיט נאָך אַ חבר און ער האָט יענעם צוגערעדט, אַז זיי זאָלן ביידע זיך אונטערגעבן די רוימער און דורך דעם ראַטעווען זייערע לעבנס״.

מען האָט געבראַכט יוספן אין רוימישן לאַגער ווי אַ געפאַנגענעם. דעמאָלט האָט ער געבעטן, מ׳זאָל אים לאָזן מיט אַספּאַסיאַנוסן אַליין. זײַן בקשה איז באַוויליקט געוואָרן, און אין בײַזײַן פון טיטוסן האָט ער פאָראויסגעזאָגט, אַז אַספּאַסיאַנוס און טיטוס וועלן זײַן די קייסאָרים פון דער רוימישער אימפּעריע.

לכתחילה האָט אַספּאַסיאַנוס ניט געגלויבט אין יוספס נביאות. ער האָט געהאַלטן פאַר אַן אויסרייד פון יוספן, כדי ער זאָל בלײַבן לעבן. שפּעטער האָט ער אים געגלויבט, און יוסף איז פאַרבליבן אין רוימישן לאַגער — פריער ווי אַ געפאַנגענער, שפּעטער ווי אַ מיליטערישער ראַטגעבער, און ער האָט געמוזט פאָלגן צו טאָן וואָס מ׳וועט פון אים פאָדערן.

אַן ענלעכע דערציילונגען ווערט געבראַכט אין תלמוד וועגן דעם תנא רבי יוחנן בן זכאי, אַז בעת דער באַלאַגערונג פון ירושלים, ווען דער אַלטער געלערנטער האָט שוין געהאַט פאַרלאָרן די האָפענונג אויף דער פּאָליטישער באַפרײַונג פון לאַנד, האָט ער געבעטן זײַנע תלמידים,

מ׳זאָל אים אַרויסטראָגן פון שטאָט אין אַן אָרון, כלומרשט „צו מקבר זײַן אים״. ווען ער איז געווען אויסער דער באַלאַגערונג, האָט ער געהייסן מ׳זאָל אים ברענגען פאַר אַספּאַסיאַנוסן.

לויט דער תלמוד האָט ער דעם רוימישן גענעראַל נבואה געזאָגט, אַז ער וועט ווערן קייסער פון רוים, און ער האָט בײַ אים געבעטן, מ׳זאָל אים דערלויבן גיין קיין יבנה, כדי דאָרטן צו לערנען תורה מיט די געלערנטע פון שטאָט — תּן לי יבנה וחכמיה — גיב מיר יבנה און אירע חכמים (געלערנטע). אַספּאַסיאַנוס האָט באַוויליקט זײַן בקשה. דער חילוק פוןביידע דערציילונגען וועגן דער נבואה איז אַז וועגן יוחנן בן זכאי דערציילט די גמרא, אָבער וועגן יוספן דערציילט ער אַליין אין זײַן באַשרײַבונג וועגן דער מלחמה.

אין דער זעלביקער צײַט האָט אַן אַנדער טייל פון דער רוימישער אַרמיי אײַנגענומען גוש חלב, דעם צענטער פון די גלילער קנאים. זייער אָנפירער יוחנן איז מיט אַ טייל פון זײַנע אָנהענגערס אַנטלאָפן קיין ירושלים.

ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט אין דער הויפּטשטאָט, אַז יוסף איז ניט געפאַלן אין דער מלחמה ביי יודפת, ווי עס זײַנען געווען די קלאַנגען, נײַערט ער איז געבליבן לעבן און האָט זיך אונטערגעגעבן די רוימער, איז געווען גרויס דער צאַרן און די אויפרעגונג קעגן אים. יוסף דערציילט אין זײַן ווערק, אַז דער כּעס איבער זײַן פאַרראַט איז געווען אַ סך גרעסער ווי מ׳האָט פריער געטרויערט איבער זײַן כלומרשטן טויט אין שלאַכט.

די עקסטרעמיסטן פון די קנאים האָבן אויסגענוצט די שטימונג פון פאָלק און האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט, און האָבן דערקלערט אַ שאַרפן קאַמף קעגן די מעסיקערע עלעמענטן. עס האָט נאָך שאַרפער אויפגעפלאַקערט דער בירגער קריג אין שטאָט, און די טעראָריסטן־גרופּע, די סיקאַריער, האָבן באַקומען די אויבערהאַנט. ווען עס איז אויף עמיצן געפאַלן אַ חשד, אַז ער איז נוטה צו שלום, איז ער מיט זיין משפחה אומברחמנותדיק געטויט געוואָרן.

אַספּאַסיאַנוס האָט זיך צוגעקוקט צום ברידער־מאָרד, וואָס האָט פאַרלײַכטערט זײַן אויפגאַבע. אין ירושלים איז געוואָרן אַ הונגער, ווײַל די אַרומיקע שטעט און דערפער זײַנען חרוב געוואָרן און קיין לעבנסמיטל־פּראָדוקטן האָט מען ניט געקענט אַרײַנפירן אין שטאָט. אין

דעם יאָר, אין 68טן זײַנען אויך פאָרגעקומען אומרוען אין רוים. נאָך נעראָנס טויט האָבן 3 קאַנדידאַטן אויפן טראָן פון דער אימפעריע געקעמפט צווישן זיך. יעדער גענעראַל האָט געהאַט אויף זײַן צד לעגיאָנען כדי מיט געווער צו באַקעמפן דעם צווייטן קאַנדידאַט. צום סוף האָבן די לעגיאָנען פון אַזיע פּראָקלאַמירט אַלס קייסער־אימפעראַטאָר דעם גענעראַל פלאַוויוס וועספּאַסיאַנוס. ער איז אַוועק־געפאָרן קיין רוים, און ווי דער קאָמאַנדיר איבער די לעגיאָנען פון דער באַלאַגערונג האָט ער איבערגעלאָזן זײַן זון טיטוס.

### דער סוף פון דער באַלאַגערונג און דער חורבן פון ירושלים

אין אָנהויב פון יאָר 70 האָט טיטוס מיט דער גאַנצער רוימישער אַרמיי שוין אַרומגענומען די שטאָט ווי מיט אַן אײַזערנעם רינג.

די אינערלעכע אומרוען אין רוים האָבן זיך שוין פאַרענדיקט און וועספּאַסיאַנוס האָט אײַנגעשטעלט זײַן הערשאַפט איבער דער אימפעריע, אָבער אין יהודה האָט זיך די אַנאַרכיע און דער רעוואָ־לוציאָנערער אויפברויז פאַרשטאַרקט.

צוויי פירערס פון די רעוואָלוציאָנערן, יוחנן פון גוש חלב און שמעון בר גיורא — אַ מוטיקער פירער פון אויפשטאַנד — האָבן אײַנגעפירט אַ דיקטאַטור אין שטאָט און האָבן טעראָריזירט אַלעמען וואָס האָבן געוואָלט שלום מאַכן מיט די רוימער און ראַטעווען ירושלים פון צעשטערונג.

יוסף באַשרײַבט דעם אויסערגעוויינלעכן מוט פון די ייִדישע קעמפערס. גלײַכצײַטיק גיט ער איבער שרעקלעכע פּרטים פון דער אכזריות פון די קנאים און זײַערע פירערס קעגן זייערע אייגענע ברידער.

דערווײַלע איז די באַלאַגערונג פון ירושלים פאַרשטאַרקט געוואָרן. די רוימער האָבן געבראַכט די שטאַרקסטע באַלאַגערונג־מאַשינען און געשטורעמט די שטאָט.

עטלעכע חדשים איז אָנגעגאַנגען די באַלאַגערונג. אין ירושלים איז געוואָרן אַ שרעקלעכער הונגער, און די פאַרפּײַניקטע אײַנוווינער האָבן מיט אַלע מיטלען, אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג, געפּרוּווט זיך אַרויסרײַסן פון שטאָט און זיך איבערגעבן די רוימער. טויזנטער זײַנען



[*Anderson.*

די מנורה פון בית המקדש, וואָס די רוימער האָבן געטראָגן בעת דעם טריאומף פאַר אַספּסיאַנוס און טיטוס נאָכן באַזיגן די ייִדן אין דער מלחמה אין יאָר 70 נ.ק.ג.

אומגעקומען פון הונגער און פון שווערד פון די סאָלדאַטן, וואָס האָבן אָן רחמנות אומגעבראַכט די אַריבערלויפּעס.

יאָזעפוס באַשרײַבט ווי טיטוס האָט געמאַכט אַלע באַמיונגען צו ראַטעווען די שטאָט פון צעשטערונג און שוינען דעם בית המקדש, וואָס איז געווען פאַרהייליקט בײַ אַלע ידן און איז געווען רעספּעקטירט פון אַלע פעלקער, און האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג בײַ די רוימער.

טיטוס האָט געשיקט יוספן, ער זאָל ריידן צו די ייִדן אין זייער שפּראַך, זיי זאָלן רחמנות האָבן אויף זייער שטאָט און זייער הייליקטום, און זיי זאָלן זיך אונטערגעבן. די שטאָט איז שוין געווען אַרומגע־רינגלט, און אַ באַטײַטיקער טייל אירער איז שוין געווען פאַרנומען פון רוימישן מיליטער.

יאָזעפוס האָט געהאַלטן צו די ייִדן אַ פּאַטעטישע רעדע. ער האָט געשילדערט די מאַכט און גרויסקייט פון רוים, און האָט זיך באַמיט צו אויפווײַזן, אַז די ייִדן האָבן זיך שטענדיק פאַרלאָזן אויף גאָט, און האָבן זיך ניט קעגן געשטעלט די שטאַרקע מלוכות, וואָס זײַנען אָנגעפאַלן אויפן לאַנד; און ווען זיי האָבן יאָ געמאַכט אַן אויפשטאַנד האָבן די שונאים זיי באַזיגט.

די ייִדן פון ירושלים האָבן ניט געוואָלט הערן יאָזעפוסעס רעדע. זיי האָבן געשריען און האָבן אים באַליידיקט. מ׳האָט אויף אים אפילו געשאָסן מיט בויגנס.

די באַלאַגערונג איז פאַרשאַפט געוואָרן. דאָס שטורעמען פון ירושלים איז אָנגעגאַנגען טעג און נעכט. ניט געקוקט אויפן מוראדיקן הונגער און די טויזנטער קרבנות פון דער מלחמה, האָבן די קעמפערס אַרויסגעוויזן אומבאַשרײַבלעכע גבורה און העלדישקײַט.

צום סוף האָט זיך אָן אָפּטיילונג פון דער אַרמיי אײַנגעגעבן דורכצוברעכן דעם דרײַפאַכן מויער אַרום דער שטאָט און גאַנץ ירושלים איז געפאַלן. דער בית המקדש, וואָס איז אַליין געווען אַ שטאַרק באַפעסטיקטע פּאָזיציע, איז פאַרבליבן דאָס איינציקע אָרט, ווו פאַרצווייפלטע ייִדישע קעמפערס האָבן זיך פאַרטיידיקט.

יאָזעפוס באַשרײַבט, אַז אין לעצטן מאָמענט האָט טיטוס געפּרוּווט ראַטעווען דעם בית המקדש פון צעשטערונג (רוימישע מקורים שרײַבן וועגן דעם אַנדערש), אָבער די רוימישע סאָלדאַטן זײַנען געווען אַזוי דערצאָרנט פון דער לענגערער באַלאַגערונג און פון דעם עקשנותדיקן

קאַמף פון די ייִדן, אַז זיי האָבן אונטערגעצונדן דעם טעמפּל און אַלץ איז אַוועק מיטן פײַער.

נאָך דעם חורבן ירושלים אין יאָר 70 איז יוסף מיטגעפאָרן מיטן טיטוסן קיין רוים, איז געוואָרן אַ פּענסיאָנער ביי די צעזאַרס. ער איז געוואָרן אַ רוימישער בירגער, מיט אַלע פּריווילעגיעס, וואָס די בירגערשאַפט האָט געגעבן. ער האָט באַקומען צוויי לאַנד־מתנות אין יהודה און האָט געוווינט אין אַ הויז, וואָס האָט געהערט צו וועספּאַסיאַנוסן. ער האָט אָנגענומען דעם פאַמיליע־נאָמען פון רוימישן קייסער וועספּאַסיאַנוס־פלאַוויוס. פון יוסף בן מתתיהו איז געוואָרן פלאַוויוס יאָזעפוס. אין רוים האָט ער אָנגעהויבן צו שרײַבן די געשיכטע פון דער ייִדיש־רוימישער מלחמה און די אַלטע געשיכטע פון ייִדישן פאָלק.

*JUDAEA CAPTA*




[*Corpus Christi College, Cambridge.*

**יודעא קאַפּטאַ**

יהודה איז באַזיגט

אַ רוימישער מעדאַל
צום אָנדענק פון דעם נצחון
פון רוים איבער די ייִדן

### יאָזעפוס פלאַוויוסעס היסטאָרישע ווערק

1. די ייִדישע מלחמה.

אין יאָר 75, אין גאַנצן עטלעכע יאָר נאָך דער ייִדיש־רוימישער מלחמה האָט יאָזעפוס, וואָס איז געווען געשטיצט און באַשיצט פון די, וואָס האָבן חרוב געמאַכט זײַן שטאָט און זײַן לאַנד, פאַרעפנטלעכט זײַן ווערק „די ייִדישע מלחמה״ אין צוויי אויסגאַבעס — איינע אין אַראַמיש, וואָס איז געווען די „לינגוואַ פראַנקאַ״ — אומגאַנג־שפּראַך — אין גאַנצן

נאָענטן מזרח — באַשטימט פאַר די פּאַרטער און בבלים, אויך פאַר די
ייִדן, וואָס וווינען אין יענע לענדער.

אין ערשטן יאָרהונדערט פון ק.ג. זײַנען אין די מזרחדיקע
פּראָווינצן פון דער רוימישער אימפּעריע און אין די שכנישע לענדער
שוין געווען גרעסערע ייִדישע ייִשובים. (זע: עמיל שירער. געשיכטע פון
ייִדישן פאָלק... באַנד 2, קאַפּיטל פאַרשפּרייטונג פון ייִדישן ייִשוב.)

אַ צווייטע אויסגאַבע — פאַר די גריכן און רוימער אין גריכיש, וואָס
איז געווען די קולטור־שפּראַך פון די לענדער אין דעם מערבדיקן טייל
פון דער רוימישער אימפּעריע.

יאָזעפוס האָט געקענט לייענען גריכיש, אָבער זײַן קענטעניש אין
דער שפּראַך איז ניט געווען גענוג, און אַ געלערנטער, וואָס איז געווען
אַ ספּעציאַליסט אין קלאַסישן גריכיש, האָט אים אַרויסגעהאָלפן אין
שרײַבן דאָס ווערק.

מיר ווייסן ניט ווי איז געווען זײַן באַלויכטונג פון די געשעענישן
פון דער מלחמה אין דער אַראַמישער אויסגאַבע, ווײַל יענער טעקסט
איז פאַרלאָרן געגאַנגען. דער גריכישער טעקסט איז דערגאַנגען צו
אונדז אַדאַנק די קריסטלעכע איבערשרײַבערס צוליב דעם באַרימטן
„טעסטימאָניום" אין אַ צווייטן ווערק פון יאָזעפוס (זע ווײַטערדיקן טייל
פון בוך).

דער גריכישער טעקסט פון „די מלחמה" איז אַ גלענצנדיקע
פּראָפּאַגאַנדע־ווערק פאַר דער מאַכט און אומבאַזיגלעכקײַט פון רוים.
אין דעם ווערק קומט צום אויסדרוק זײַן איבערצײַגונג ווי אומפאַראַנט־
וואָרטלעך עס איז געווען דער אויפשטאַנד קעגן רוים, מצד אַ קליין
פאָלק פון אַן אָרעם לאַנד, קעגן דער גראַנדיעזער מיליטעריש־
פּאָליטישער וועלטמאַכט.

אין דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן זײַן לאַנד, האָט ער
באַשולדיקט ניט אַזוי פיל די רוימער. אדרבא, ער באַשרײַבט טיטוסן ווי
אַ גערעכטן קייסער און מיליטערישן פירער, אַזוי ווי עס דערציילן וועגן
אים די רוימישע היסטאָריקערס פון יענער צייט.

מיט זײַן גאַנצער עלאָקווענץ באַמיט ער זיך צו דערווײַזן, אַז די
הויפּט שולדיקע אין דעם מוראדיקן חורבן פון ארץ ישראל, זײַנען
געווען די קנאים, די זעלאָטן. ער רימט זייער פּאַטריאָטישקײַט און
העלדישקייט אין קאַמף קעגן די רוימער, אָבער פאַראורטיילט מיט די

שאַרפסטע ווערטער די היצקעפּ, וואָס האָבן אויפגערייצט דאָס פאָלק צו דער מרידה, האָבן נישט אויסגערעכנט די מעגליכקייטן פון פאָלק, האָבן זיך פאַרמאָסטן צו באַפרייען פון רוימישן פּראָטעקטאָראַט מיט געווער, און אונטערגעשאַצט די דיסציפּלין און קריגס־דערפאַרונג פון מעכטיקן קעגנער.

ער שילדערט מיט ברענענדיקן האַס די טעראָריסטישע אַקטן פון די עקסטרעמיסטן — די זעלאָטן און סיקאַריער קעגן די מעסיקע שיכטן פונעם פאָלק.

די גריכישע אויסגאַבע פון „די מלחמה" איז באַשטעטיקט געוואָרן פון וועספּאַסיאַנוסן און טיטוסן, וואָס האָבן געגעבן זייער דערלויבעניש דאָס ווערק צו פאַרעפנטליכן, דער קעניג אַגריפּאַס דער צווייטער האָט צו אים געשריבן 62 בריוו וועגן דעם. ווען יאָזעפוס האָט געשריבן וועגן דער מלחמה, האָט ער געהאַט די מיגלעכקייט צו באַנוצן זיך מיט די דאָקומענטן פון די מלוכה־אַרכיוון און מיט וועספּאַסיאַנוס נאָטיצן וועגן דער מלחמה־פירונג אין יהודה.

אָבער עס וואָלט געווען ניט ריכטיק צו באַטראַכטן יאָזעפוסן בלויז ווי אַ פרײַנד פון די רוימישע קייסאָרים, און אַז ער איז געווען גלײַכגילטיק צום גורל פון זײַן געבוירנלאַנד. אין דער אמתן איז ער געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט, און ער האָט געוויײטאָקט איבער דעם חורבן.

אין דער הקדמה צו דער „מלחמה" שרײַבט ער: „איך וויל גענוי דערציילן וועגן אַלץ וואָס עס איז אין דער אמתן געשען בײַ ביידע צדדים, אויסדריקנדיק דערבײַ די געפילן, וואָס דערוועקן זיך אין מיר. דורך די אומגליקן, וואָס האָבן געטראָפן מײַן פאָטער־שטאָט באַפרידיק איך נאָר דערמיט די אינעווייניקסטע באַדערפעניש פון מײַן צעוויײטאָקטער נשמה". און אין עטלעכע·ערטער פון זײַן ווערק דריקט ער אויס זײַן טיפן טרויער, וואָס ער פילט אין אָנבליק פון דעם אומגליק וואָס איז באַפאַלן זײַן פאָלק און זײַן לאַנד.

אין אָנהייב פון דער הקדמה שרײַבט ער אַז „די מלחמה פון די ייִדן קעגן די רוימער איז געווען גרעסער ניט בלויז פאַר אַלע מלחמות צווישן איינצעלנע שטעט אָדער פעלקער אין אונדזערע צײַטן, נאָר אויך אין די פריערדיקע צײַטן זײַנען געווען ווינציק אַזעלכע. די דאָזיקע מלחמה איז שוין אָפטמאָל באַשריבן געוואָרן, נאָר ביז אַהער האָבן דאָס

געטאָן צום טייל אַזעלכע שריפטשטעלערס, וואָס האָבן אַליין די געשעענישן מיט זייערע אייגענע אויגן ניט געזען.

...אַנדערע ווידער, וואָס הגם זיי גופא האָבן איבערגעלעבט די מלחמה, פון דעסטוועגן האָבן זיי ניט אָפּגעהיט דעם אמת, צי מחמת חניפה קעגן די רוימער, אָדער מחמת שנאה צו די ייִדן. צוליב דעם זײַנען זייערע ווערק אַ מישונג פון אָנפאַלן און חניפות, אָבער בשום אופן ניט קיין אמתער און גענויער סיפּור המעשה.

„און דעריבער האָב איך, יוסף בן מתתיהו הכהן, אַ ייִד פון ירושלים, וואָס איך אַליין האָב לכתחילה מלחמה געהאַלטן קעגן די רוימער, און וואָס מיר איז קעגן מײַן ווילן אויסגעקומען צו זען מיט מײַנע אויגן אַלע שפּעטערדיקע געשעענישן — אָנגענומען אַ באַשלוס צו געבן די פעלקער פון דער רוימישער מלוכה אַ באַשרײַבונג פונעם קריג אויף גריכיש. פונקט אַזוי ווי איך האָב פריער פאַרפאַסט פאַר די פעלקער פון אינעווייניקסטער אַזיע אויף אונדזער מוטערשפּראַך" (דאָס הייסט אַראַמיש).

..."אויב עמיצער וועט מיר פאַרוואַרפן, פאַרוואָס איך טרעט אַרויס אַלס באַשולדיקער קעגן די טיראַנען און זייער רויבער־באַנדע, אָדער פאַרוואָס איך גיס אויס מײַן טרויעריקן געמיט איבערן אומגליק פון מײַן פאָטערלאַנד — זאָל ער מיר מוחל זײַן פאַרן עובר זײַן די געזעצן פון געשיכטע־שרײַבונג (צו באַשרײַבן אָביעקטיוו די געשיכטלעכע פאַקטן. י.ג) מחמת דאָס איז בלויז אַ רעזולטאַט פון מײַן צער, ווייל פון אַלע שטעט, וואָס די רוימער האָבן אײַנגענומען, האָט קיין איינע ניט דערגרייכט אַזאַ גוטן מעמד, ווי אונדזער שטאָט; נאָר קיין איינע איז אויך אַזוי טיף ניט געפאַלן אין תהום פון אומגליק. און בכלל, דוכט זיך מיר, קאָן קיין איין אומגליק, זינט די וועלט שטייט, ניט צוגעגליכן ווערן צום אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיט די ייִדן. און שולדיק אין דעם איז געווען ניט קיין פרעמדער, הײַנט ווי זשע קאָן איך אײַנהאַלטן מײַן צער?

„נאָר אויב עס וועט זיך פאַרט געפינען אַזאַ שטרענגער שופט, וואָס אין זײַן האַרצן וועט ניט אויפגליען אַפילו אַ פונק פון רחמנות, טאָ זאָל ער די פאַקטן באַציען צו דער געשיכטע, די יאָמערן און קרעכצן אָבער — אויפן חשבון פון מחבר".

יאָזעפוס פלאַוויוס. הקדמה צו דער „מלחמה"
איבערגעזעצט צום ערשטן מאָל אויף ייִדיש
בשלימות פון ז. קאַלמאַנאָוויטש
ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין — ווילנע 1923

יוסף בן מתתיהו – יאָזעפוס פלאַוויוס

# די
# אידישע מלחמות

פֿון

## יוֹסֵף בֶּן מַתִּתְיָהוּ הַכֹּהֵן

(יוסיפוס פלאוויוס).

## אלע 7 ביכער אין 2 טייל

איבערגעזעצט צום ערשטען מאל אויף אידיש בשלימות

פון ז. קאלמאנאוויטש.

## ערשטער טייל.
## צווייטער טייל.

אויסגאַבע פון ב. קלעצקין און פ. מאַרגאָלין, ווילנא.

געזעצט ביי ב. א. קלעצקין. געדרוקט פון סטערעאָטיפּען אין דער דרוק „פּראָמיען“.

ווילנא, תרע״ד — 1914.

די „מלחמה״ באַשטייט פון זיבן ביכער.

דאָס ווערק הויבט זיך אָן מיט דער באַשרייבונג פון דעם ייִדישן אויפשטאַנד קעגן דעם סירישן קעניג אַנטיוכוס עפּיפאַנעס (אין יאָר 167 פ.ק.ג.). ער באַשרײַבט דעם קאַמף פון די חשמונאים מיט די סיריער; דעם זיג פון מתתיהו מיט זײַנע זין איבער דעם שונא, וואָס האָט שפּעטער געפירט צו דער זעלבשטענדיקײַט פון יהודה אין דער צײַט פון שמעון; וועגן יוחנן הורקנוס און אַלעקסאַנדער ינאַי, זייער פּאָליטיק פון אײַננעמען זײַנע געגנטן פון פּאַלעסטינע, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו דער ייִדישער מדינה; וועגן די ייִדישע פּאַרטייען פּרושים, צדוקים און אסיים; וועגן דער צײַט פון שלומית אַלעקסאַנדראַ און דער קאַמף פון אירע צוויי זין הורקנוס און אַריסטובול; ווי דער רוימישער מיליטער־פירער מישט זיך אַרײַן אין דעם סיכסוך, נעמט אײַן ירושלים און ברענגט יהודה אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט פון רוים; אַ גענויע באַשרײַבונג פון דעם קעניג הורדוס און זײַנע אויפטוען.

דאָס אַלץ פאַרנעמט אין דעם ווערק „מלחמה״ בלויז 1½ ביכער פון די זיבן. כמעט דאָס גאַנצע ווערק איז אַ גענויע דערציילונג פון דעם אויפשטאַנד און וועגן דער מלחמה קעגן רוים פון יאָר 66 ביז דעם חורבן פון ירושלים און דעם ענדגילטיקן אומקום פון די ייִדישע קעמפּערס (דורך זייער זעלבסטמאָרד, כדי זיי זאָלן ניט אַרײַנפאַלן לעבעדיקע צו די רוימער) אין דער פעסטונג מצדה.

ווי עס איז שוין פריער דערמאָנט געוועזן האָט יאָזעפוס, לויט דעם שטייגער פון די גריכישע און רוימישע היסטאָריקערס פון דער קלאַסישער צײַט, אַרײַנגעשריבן אין זײַן ווערק די רעדעס, וועלכע עס האָבן געהאַלטן, אָדער געזאָלט האַלטן — די פערזענלעכקײַטן, פירערס פון פאָלק, אין אויסערגעוויינלעך וויכטיקע היסטאָרישע מאָמענטן:

1. פון קעניג אַגריפּאַס 2 צו די ייִדן פון ירושלים בײַם אָנהויב פונעם אויפשטאַנד, זיי זאָלן זיך אָפּהאַלטן פון דער מרידה קעגן דער מאַכט פון רוים.

2. די רעדע פון יאָזעפוס צו זײַנע חברים זעלנערס נאָכן פאַלן פון יודפת.

3. פון כהן גדול חנן קעגן די קנאים.

4. פון יאָזעפוס צו די ייִדן פון ירושלים (לויטן באַפעל פון טיטוס).

5. זײַן צווייטע רעדע צום פאָלק, זיי זאָלן ראַטעווען דעם בית המקדש.

6. פון דעם פירער פון די קנאים אליעזר צו די באַלאַגערטע אין פעסטונג מצדה (מאַסאַדע) אין יאָר 73 נ.ק.ג.

2. „די ייִדישע אַלטערטימער״

אין גריכיש „יודאַיקאַ אַרכאַיאָלאָגיאַ״
אין לאַטייניש אַנטיקוויטאַטעס יודאַיצע

אַ ווערק פון 20 ביכער און 60 טויזנט שורות.

געשריבן האָט ער עס בעת דער הערשאַפט פון קייסער דאָמיציאַנוס, טיטוסעס ברודער, ווען יאָזעפוס איז אַלט געווען 56, קרוב 30 יאָר נאָך דער ייִדישער מלחמה מיט די רוימער. דאָס ווערק הויבט זיך אָן מיט די דערציילונג פון וועלט־באַשאַפונג, לויט דעם ספר בראשית און דערגייט ביז דער אויפשטאַנד אין יאָר 66. חוץ דעם תנ״ך האָט יאָזעפוס זיך באַנוצט מיט די אַפּאָקריפן און די ערשטע מדרשים, וואָס זײַנען געווען באַוווּסט אין זײַן צײַט, ווי אויך די באַשרײַבונגען פון די רוימישע כראָניקעס און היסטאָריקערס, וואָס זײַנען צו אונדז ניט דערגאַנגען; די ווערק פון דעם ייִדישן פילאָזאָף פילאָ פון אַלעקסאַנדריע, וואָס האָט געלעבט אין זײַן צײַט; פון די בבלישע און עגיפּטישע שרײַבערס.

טיטוס און אַספּאַסיאַנוס האָבן שוין ניט געלעבט, אָבער דער נאָמען פון ייִדישן פאָלק, וואָס האָט געשטעלט אַזאַ העלדישן און עקשנותדיקן ווידערשטאַנד דער רוימישער מאַכט איז נאָך געווען לעבעדיק צווישן די פעלקער פון דער אימפּעריע.

די גראַנדיעזע בילדער פון בית המקדש און די באַרעליעפן פון די געפאַנגענע ייִדישע העלדן, וואָס זײַנען געווען פּראָמינענט אויסגע־שטעלט אין צענטער פון דער הויפטשטאָט בעת דעם טריומף נאָכן אײַננעמען ירושלים (און זיי זײַנען נאָך דאָ אויף דעם אַזוי גערופענעם טיטוס טריאומף־טויער אין רום ביז היינטיקן טאָג) האָבן פאַרשטאַרקט דעם אינטערעס צו דעם דאָזיקן פאָלק פון דער אַזיאַטישער קליינער

פּראָווינץ. די רוימישע היסטאָריקערס טאַציטוס, סוועטאָניוס און אַנדערע האָבן מיט זייערע באַשרײַבונגען וועגן די ייִדן אויסגע־ברייטערט די נײַגיריקײַט צום רעבעלירנדיקן פֿאָלק מצד די געבילדעטע שיכטן, און האָבן געוועקט חשד און שנאה צו די ייִדן.

יאָזעפוס האָט געפילט, אַז ער מוז אַרויסקומען מיט זײַן ווערק וועגן דער אַלטער ייִדישער געשיכטע, כדי צו אינפאָרמירן די גריכן און די רוימער וועגן דעם ווי אַלט דאָס ייִדישע פֿאָלק איז, און ווי דערהויבן עס זײַנען זײַנע געזעצן און זײַן רעליגיע. ווײַל ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אומווילן און שנאה קעגן אַ פֿאָלק שטאַמט קודם כל פֿון אומוויסן און מיסאינפֿאָרמאַציע פֿון די היסטאָרישע פֿאַקטן.

3. דאָס לעבן פֿון יוסף.

זיין אויטאָביאָגראַפיע.

אין 76 קורצע קאַפּיטלען דערציילט ער וועגן זײַן לעבן, זײַן יחוס און די גוטע באַציאונג וואָס עס האָבן אים אַרויסגעוויזן די קיסרים פֿון רוים, אײַנגעשלאָסן דער דריטער־דאָמיציאַנוס.

אין אָנהויב פֿונעם בוך האָבן מיר שוין איבערגעגעבן וועגן יאָזעפוסעס ביאָגראַפיע. דאָס „לעבן" איז מסתמא געשריבן געוואָרן ווי אַן ענטפֿער צו דער קריטיק פֿון זײַן ווערק „מלחמה", וואָס אַ צווייטער ייִדישער היסטאָריקער פֿון זײַן דור, יוסטוס פֿון טבריה, האָט אָנגע־שריבן און האָט עס פֿאַרעפֿנטליכט אַ סך שפּעטער. יוסטוס האָט אין זײַן געשיכטע געשריבן אַז יאָזעפוס איז שולדיק אין דער מלחמה; אַז ער האָט אויפֿגעהעצט די אײַנוווינערס פֿון גליל צו אַן אויפֿשטאַנד קעגן רוים. יאָזעפוס באַשולדיקט יוסטוסן, אַז ער פֿעלשט די געשיכטע; ער האָט טענות צו אים פֿאַרוואָס האָט ער פֿאַרעפֿנטליכט זײַן ווערק שוין נאָך דעם ווי די עדות פֿון דער מלחמה: אַספּאַסיאַנוס, טיטוס און אַגריפּאַס זײַנען שוין ניט צווישן די לעבעדיקע. זיי וואָלטן געקאָנט באַשטעטיקן אַז יאָזעפוס האָט געשריבן דעם אמת וועגן דער מלחמה, און ניט יוסטוס פֿון טבריה.

יוסטוסעס ווערק איז אויך פֿאַרלאָרן געגאַנגען.

4. קעגן אַפּיאָן, אָדער וועגן דער אַלטקײַט פֿון ייִדישן פֿאָלק.

דאָס איז אַ הייסע אַפּאָלאָגיע אויף דער ייִדישער אמונה און אויפֿן

ייִדישן פאָלק קעגן אַלע בלבולים, וואָס האָבן געמאַכט די שונאי ישראל פון אַלטערטום (דובנאָוו).

אַפּיאָן איז געווען אַ גראַמאַטיקער פון אַלעקסאַנדריע של מצרים אין ערשטן יאָרהונדערט. ער איז געווען אַ מיטגליד פון אַ גריכישער דעלעגאַציע פון אַלעקסאַנדריע צום רוימישן קייסער קאַיוס קאַליגולאַ. ער האָט פאַרטיידיקט די גריכן, וואָס האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם איבער די ייִדן.

אין דער דעלעגאַציע מצד די אַלעקסאַנדריער ייִדן, ווי דער אָנקלאָגער פון די גריכן, איז געווען דער באַרימטער ייִדישער געלערנטער און פילאָזאָף פילאָן. (אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון יענער צײַט ווערט פילאָן אָנגערופן ידידיה האלכסנדרוני) פילאָן באַשרײַבט גענוי וועגן דעם באַזוך פון דער דעלעגאַציע צום קייסער קאַליגולא, אין זײַן שריפט: די שליחות צו גאַיוס DE legati-one ad Gaium קאַיוס קאַליגולאַ איז געווען קייסער פון רוים פון 37-41 פון דער איצטיקער צײַטרעכענונג. דאָס איז געשען בעת יאָזעפוס איז נאָך געווען אַ קינד.

קאָנטיק, אַז אַפּיאָנס אַגיטאַציע האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג צווישן די רײַכערע קלאַסן פון רוים און דעריבער האָט אונדזער היסטאָריקער געפונען פאַר נויטיק, אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן, בעת דער הערשאַפט פון טיראַנישן אימפּעראַטאָר פון רוים, דאָמיציאַנוס, צו פאַרעפנטלעכן זײַן ווערק קעגן אַפּיאָנען. אין דעם ווערק פון 2 ביכער באַמיט זיך יאָזעפוס צו דערווײַזן די אַלטקײַט פון ידישן פאָלק, וואָס אין יענע צײַטן איז דאָס געווען אַ גרויסער יחוס. די פאַרלאָזלעכקײַט און עכטקײַט פון די ייִדישע טראַדיציעס, זײַן געשיכטע און ליטעראַטור ווערן אין „קעגן אַפּיאָן" באַשריבן קלאָר און איבערצײַגעוודיק, און דאָס ייִדישע פאָלק ווערט קרעפטיק פאַרטיידיקט קעגן די בלבולים אויף זיי פון די פריערדיקע און איצטיקע שונאים, אָנהויבנדיק פון דעם אַלטן עגיפּטישן היסטאָריקער מאַנעטאָ ביז דעם אַגיטאַטאָר אַפּיאָן.

יאָזעפוס דערווײַזט אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז עלטער פון די גריכן, אַז די גריכן האָבן איבערגענומען זייער שריפט פון די בבלים און די פעניקיער. ער דערקלערט די גרויסע ווערט פון דער ייִדישער רעליגיע און פון איר עטיק, און עס קומט צום אויסדרוק יאָזעפוסעס צוגעבונדנקײַט צו די רעליגיעזע אידעאַלן פון ייִדישן פאָלק.

ער שלאָגט אָפּ די וויסטע בלבולים אויף די ייִדן, אַז זיי זײַנען פאַרטריבן געוואָרן פון מצרים צוזאַמען מיט זייער פירער משה, ווײַל זיי זײַנען געווען קרעציקע. ער האָט אויך אויסגעלאַכט דעם בלבול, אַז די ייִדן האָבן זיך באַנוצט מיט גריכן צו ריטועלע צוועקן — אַז אַנטיוכס עפּיפאַנעס האָט אין בית המקדש פון ירושלים כלומרשט געפונען אַ געבונדענעם גריך, וואָס איז געווען צוגעגרייט פאַר אַ קרבן צום ייִדישן גאָט.

די קריסטלעכע קירך האָט מיט אָט דעם בלוט־בלבול זיך באַנוצט קעגן די ייִדן במשך פון יאָרהונדערטער אין מיטלאַלטער, און אַלע שונאי ישראל און רעאַקציאָנערן האָבן דאָס אויסגענוצט פאַר זייערע פּאָליטישע צילן אין קאַמף קעגן די ייִדן ביז דער לעצטער צײַט — ביז 1913, ווי עס האָט באַוויזן דער בלוט־בלבול קעגן מענדל בייליס אין צאַרישן רוסלאַנד. און אין די ריטועלע פּראָצעסן אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע.

אין בוך 18 פון די ייִדישע אַלטערטימלעכקײַטן פון יאָזעפוס איז פאַראַן אַ פּאַראַגראַף וועגן יעזוס קריסטוס. דער פּאַראַגראַף פון 16 שורות איז באַקאַנט ווי דער טעסטימאָניוס, ד.ה. דאָס עדות זאָגן.

דער טעקסט לייענט זיך אַזוי:

„אין יענער צייט (בעת דעם פּראָקוראַטאָר פּאָנטיוס פּילאַטוס) איז געווען יעזוס, אַ קלוגער מאַן, אויב עס נאָר מעגלעך צו רופן אים מאַן, ווײַל ער איז געווען אַ טוער פון ווונדערלעכע מעשים, ער האָט געלערנט די מענטשן, וואָס האָבן אויפגענומען דעם אמת מיט פאַרגעניגן. אַ סך ייִדן און גריכן זײַנען אים נאָכגעגאַנגען. ער איז געווען דער משיח. און דערנאָך ווען פּילאַטוס האָט אים פאַרמשפּט צו קרײַציקונג, לויט דעם פאָרשלאָג פון די עלטסטע פון אונדזער פאָלק, האָבן די וואָס האָבן אים ליב געהאַט, אים ניט פאַרלאָזן, ווײַל ער האָט זיך צו זיי באַוויזן ווי דער ווי אַ לעבעדיקער נאָך דרײַ טעג, ווי עס האָבן נבואה געזאָגט די געטלעכע נביאים וועגן אים — און טויזנטער וואונדערלעכע זאַכן. און דער שבט פון די קריסטן, וואָס רופן זיך נאָך אים, עקסיסטירט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג“.

דאָס איז דער טעסטימאָניום.

אָט די געציילטע שורות אין אַ היסטאָרישן ווערק פון יאָזעפוס פלאַוויוס האָבן אַרויסגערופן שאַרפע חלוקי דעות צווישן די פאָרשערס

פון יענער תקופה. טייל געלערנטע האַלטן, אַז יוסף בן מתתיהו ווי אַ געלערנטער פרוש האָט ניט געקענט שרײַבן די ווערטער „אויב עס איז נאָר מעגלעך צו רופן אים מאַן״ און אַוודאי האָט ער ניט געקענט שרײַבן „ער איז געווען דער משיח״, און אַז „ער האָט זיך צו זיי ווידער באַוויזן אַ לעבעדיקער נאָך דרײַ טעג״.

די געלערנטע מיינען, אַז די דערמאָנטע ווערטער אין דעם טעסטימאָניום זײַנען אינטערפּאָלירטע, דאָס הייסט אַרײַנגעשריבענע אין טעקסט פון יאָזעפוס דורך די קריסטלעכע היסטאָריקערס און איבערשרײַבערס.

אָבער אַ סך פאַרשערס צווייפלען ניט בלויז אין די דערמאָנטע זאַצן, נײַערט אין דעם גאַנצן טעסטימאָניום.

זיי האַלטן, אַז אַלץ וואָס ווערט דערציילט וועגן ישוע הנוצרי (קריסטוס) אין די „אַלטערטימלעכקײַטן״ איז אַ שפּעטערדיקער צוגאָב פון די קריסטלעכע איבערשרײַבערס, וועמען עס איז געווען שווער שלום צו מאַכן מיט דעם פאַקט, אַז דער היסטאָריקער פון יענער תקופה (פון דעם צווייטן בית המקדש) זאָל ניט האָבן דערמאָנט דעם נאָמען פון קריסטוסן.

יאָזעפוס, וואָס האָט גענוי באַשריבן די קלענסטע געשעעניש פון דער צײַט, זאָל זיך באַנוגענען וועגן דער דערשײַנונג פון קריסטוסן און פון זײַן משונהדיקן טויט — מיט עטלעכע קורצע פראַזעס. פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער אין זײַן באַרימטן ווערק „ישו הנוצרי״ שרײַבט, אַז לויט דער מיינונג פון די געלערנטע וואָס האָבן געפאָרשט די תקופה פון קריסטנטום, איז דער גאַנצער פּאַראַגראַף — דער טעסטימאָניום — אַ געפעלשטער. יאָזעפוס האָט דעם גאַנצן ענין קריסטוס דורכגעלאָזן באַוווּסטזיניק, ווײַל ער האָט געשריבן זײַן ווערק די „אַרכעאָלאָגיע״ אין די צײַטן פון דעם קיסר דאָמיציאַנוס, ווען אַלע אָפּשטאָמיקע פון דוד המלך זײַנען שרעקלעך גערודפט געוואָרן, און די קריסטלעכע סעקטע אין רוים איז געשטעלט געוואָרן אויסער געזעץ, און קעגן זיי איז אָנגעווענדעט געוואָרן די שווידערלעכסטע פאַרפאָלגונגען. היות די גאַנצע פּראָבלעם פון קריסטוסן איז געווען פאַרבונדן מיט די משיחישע שטרעבונגען פון די ייִדן אין יענער צײַט, (זע: עמיל שירער. היסטאָרישע אַנטוויקלונגען פון משיחישן געדאַנק באַנד 2, קאַפּיטל 8 — דער גלויבן

אין משיח.) האָט יאָזעפוס בכלל זיך געהיט אָנצורירן אין זײַנע ווערק די פראַגע פון דער מלוכישער זעלבשטענדיקייט פון ייִדישן פאָלק.

די געלערנטע גיבן צו אַז יאָזעפוס האָט אוודאי געוווּסט וועגן דער גאַנצער געשעעניש, וואָס איז פארבונדן מיט יעזוס קריסטוס, ווײַל ער האָט געלעבט אין דער צײַט. ער איז געבאָרן געוואָרן 4-5 יאָר נאָך דער קריציקונג פון יעזוס, און עס איז אוממעגלעך, ער זאָל ניט וויסן וועגן דעם, ווײַל די קריסטלעכע סעקטע איז שוין געווען פאַרוואָרצלט אין רוים אין יענע צײַט. נאָך מער: וועגן יוחנן המטבל, וואָס איז געווען דער פאָרגייער פון ישוע הנוצרי, ווערט יאָ דערמאָנט אין „אַנטיקוויטיס".

די ייִדן האָבן אין גאַנצן איגנאָרירט יאָזעפוסן אין דער גאַנצער תלמודישער ליטעראַטור ווערט דער נאָמען יוסף בן מתתיהו און זײַנע היסטאָרישע ביכער מיט קײַן וואָרט ניט דערמאָנט, ניט דערפאַר וואָס ער איז געווען קעגן דעם אויפשטאַנד. וועגן רבי יוחנן בן זכאי, וואָס האָט זיך געלאָזט אַרויספירן פון ירושלים בעת דער באַלאַגערונג, און וועגן זײַן בקשה צו אַספּאַסיאַנוס ווערט אין דער גמרא געבראַכט אַ גאַנצע מעשה, און דער אַלטער תנא איז ניט געווען אַזוי נאַאיוו צו בעטן בײַם רוימישן גענעראַל, ער זאָל אַראָפּנעמען די באַלאַגערונג, נײַערט „ער זאָל אים אָפּגעבן יבנה וחכמיה".

די ייִדן האָבן יאָזעפוסן און זײַנע ווערק ניט אָפּגעהיט, מסתמא ווײַל ער האָט טיטוסן געשטעלט אין אַזאַ ליכט. מיר וואָלטן גאָר ניט געוווּסט וועגן אים, ווען ניט די קריסטלעכע שרײַבערס, ווײַזט אויס צוליב דעם „טעסטימאָניום".

די ייִדישע טראַדיציע האָט בלויז געציילטע שונאי ישראל געגעבן דעם צונאָמען רשע: צו המן, אַנטיוכס עפּיפאַנעס און טיטוס — „רשע בן רשע, בן בנו של עשו הרשע. זה טיטוס הרשע שחרף וגדף כלפי מעלה" —

— והידים ידי עשו — זו מלכות הרשעה שהחריבה את ביתנו והגליתנו מארצנו —

רשע דער זון פון אַ רשע, וואָס האָט געלעסטערט און געזידלט דעם אויבערשטן. און — די הענט זײַנען די הענט פון עשון — והידים ידי עשו — דאָס איז די מלוכה פון רשעות (רוים), וואָס האָט חרוב געמאַכט און פאַרברענט אונדזער (הייליק) הויז און האָט אונדז פאַרטריבן פון אונדזער לאַנד.

## היסטאָריקערס וועגן יאָזעפוסן און זיינע ווערק

ייִדן:
גרעץ:

מיט זײַנע ווערק האָט יאָזעפוס פלאַוויוס אויפגעשטעלט אַ נאַציאָנאַלן מאָנומענט, דורך וועלכן די אויפטוען און געדאַנקען פון דער ייִדישער נאַציע איז געוואָרן באַקאַנט דער קולטורוועלט פון אַלטערטום.

געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, באַנד 2

אין זײַן פּערטן ווערק אַנטי אַפּיאָן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 93 אָדער 91, האָט יאָזעפוס אַרויסגעוויזן קלאָר זײַן טיפע ליבשאַפט צו זײַן רעליגיע און זײַן אָפּשטאַם און האָט דערמיט זיך פאַרשאַפט די דאַנקשאַפט פון זײַן פאָלק. אין צוויי ביכער קעגן די גריכן און קעגן אַפּיאָנען, האָט ער מיט גרויס איבערצײַגונג־קראַפט באַקעמפט די באַשולדיקונגען קעגן יואַאיזם און קעגן דעם ייִדישן פאָלק, און האָט באַטאָנט די רעליגיעזע און מאָראַלישע העכערקײַט פון ייִדנטום. אָט די צוויי ביכער זײַנען, ווײַזט אויס, געשריבן מיטן ציל צו געווינען פאַרן יודאַאיזם די העכערע געבילדעטע קרײַזן פון דער רוימישער וועלט. ער אַקצענטירט מיט פרייד, אַז „אַ סך פון די געצנדינערס צווישן די גריכן און רוימער זײַנען שוין אָנהענגערס פון גאָט פון ישראל און האַלטן פון זײַנע געזעצן".

דאָרטן

זייער ווייניק ייִדן־פאַרטיידיקערס האָבן אַזוי טאַלענטירט און גלענצנדיק פאָרגעשטעלט די עטישקײַט און רעכטפאַרטיקײַט פון דעם ייִדישן פאָלק און זײַן גלויבן, ווי דאָס האָט געטאָן דער ייִדישער היסטאָריקער יאָזעפוס פלאַוויוס.

העלעניסטישע ליטעראַטור — ראַלף מאַרקוס אין זאַמלבוך „די ייִדן (The Jews) באַנד 3, רעדאַגירט פון פּראָפ. לואיס פינקעלשטיין, ניו יאָרק 1949 (ענגליש).

„אין אַ סך פאַלן האָט ער פאַרקריפּלט דעם אמת, אפילו בעת מיר האָבן די תורה פאַר זיך, כדי צו חנפנען די רוימער, אַזוי ווי אַ שקלאַף גיט זיך אונטער דעם ווילן פון זײַן האַר".

דאָן יצחק אַברבנאַל (1457־1508)

* * *

דער ווילנער גאון (רבי אליהו מוילנא) נפטר געוואָרן 1798 וואָלט זייער וועלן אַז יוסף בן מתתיהוס ווערק זאָלן איבערגעזעצט ווערן אין העברעיש, ווײַל דורך דעם קענען מיר דערגיין די כוונה פון אונדזערע חכמים אין תלמוד און מדרשים בנוגע אונדזער הייליקן לאַנד און וועגן דעם בית המקדש, וואָס זיי האָבן געשריבן אין דעם אין אַ סך ערטער.

אַרײַנפיר צו דער העברעישער איבערזעצונג פון „די ייִדישע מלחמה" — פון גריכישן אָריגינאַל, געשריבן פון דעם היסטאָריקער י.נ. שמחוני, תל אביב 1923.

* * *

מען מוז יוספן מוחל זײַן פון זײַנע פּאָליטישע און מאָראַלישע פעלערן פאַר זײַן הייסער ליבע צום ייִדנטום, און דערפאַר וואָס ער האָט אין זײַנע היסטאָרישע ווערק פאַראייביקט אַזעלכע מאָמענטן פון אונדזער פאַרגאַנגענהײט, וועלכע וואָלטן אַנדערש געבליבן אין גאַנצן אומבאַקאַנט.

די פאָרשטייער פון נאַציאָנאַלן ייִדנטום האָבן אין משך פון פיל יאָרהונדערטער נישט געוואָלט אָנערקענען נישט יוספן, נישט זײַנע שאַפונגען: דער פולער טעקסט פון זײַנע ווערק, איז פאַרבליבן נאָר אַדאַנק די קריסטלעכע שריפטשטעלער (אויב מ'זאָל ניט רעכענען אַן איבעראַרבעטונג פון זײַנע היסטאָרישע ווערק אויף העברעיש, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין מיטאַלטער און איז באַקאַנט מיטן נאָמען „יוסיפון").

נאָר שפּעטער האָבן אויך די פאָרשטייערס פון ייִדישן פאָלק אָפּגעשאַצט ווי געהעריק יוספס טעטיקײַט; צוגלײַך מיט זײַנע חסרונות, ווי אַ פּאָליטישער טוער, האָבן זיי אויך אָנערקענט זײַנע גרויסע פאַרדינסטן ווי אַ היסטאָריאָגראַף, און האָבן אים אָפּגעגעבן זײַן געהעריקן אָרט אין פאַנטעאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

ש. דובנאָוו. די וועלט-געשיכטע פון ייִדישן פאָלק באַנד 2
די היסטאָגראַפיע פון יוסף פלאַוויוס

* * *

פון אַלע גרויסע געשעענישן פאַרן חורבן בית שני איז פאַרבליבן בלויז אַ רייע וואָכעדיקע מעשיות (שיחת חולין) פון די בית מדרשדיקע

באַנק־קוועטשערס וועגן קַמצא ובר קַמצא (וועגן צוויי ייִדן פון ירושלים, וואָס האָבן זיך צעקריגט פאַר עפּעס אַ קלייניקייַט, און איינער פון זיי האָט געמסרט די ייִדן פון שטאָט, פאַרן רוימישן קייסר „מרדו בך יהודאי — די ייִדן האָבן געמאַכט קעגן דיר אַן אויפשטאַנד, — און צוליב דעם איז חרוב געוואָרן ירושלים. י.ג.); וועגן דרייַ ייִדישע גבירים פון ירושלים, וואָס האָבן צוגעשטעלט נויטיקע לעבנס־פּראָדוקטן פאַר דער שטאָט בשעת דער מלחמה מיט די רוימער און די קנאים האָבן דאָס פאַרברענט — אָפּגעריסענע מעשיות, וואָס זייַנען פאַרטרונקען געוואָרן אינעם ים פון תלמוד, און דאָס קאַלירפולע בילד פון דעם גוססדיקן ייִדישן פאָלק איז פאַרשווונדן געוואָרן; וועגן דעם ווי צוליב אַ האָן מיט אַ הון איז חרוב געוואָרן טור מלכא און צוליב אַן אַקס פון אַ וואָגן איז צעשטערט געוואָרן די שטאָט ביתר[1] — אַלץ מעשיות, וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט מיט דערווירקלעכער טראַגעדיע פון דעם קאַמף פון די ייִדן פאַר פרייַהייַט.

* * *

ווייטער שרייַבט דר. שמחוני: „אין דעם ווערק „די ייִדישע מלחמה מיט די רוימער האָט יוסף בן מתתיהו, וואָס איז געוואָרן יאָזעפוס פלאַוויוס, געשטעלט אַ וווּנדערלעכן דענקמאָל וועגן די געשעענישן אין ירושלים, צו דערציילן די קומענדיקע דורות די לעצטע פּרשה פון דער שטאָט, וואָס די ייִדן האָבן באַטראַכט ווי די וווינונג פון גאָט אַליין".

י. נ. שמחוני. מבוא צו דער העברעישער איבערזעצונג
פון די מלחמה פון די ייִדן מיט די רוימער פון יוסף בן מתתיהו.
ער רעהאַביליטירט יאָזעפוסן פולשטענדיק ווי אַ גרויסן
היסטאָריקער פון ייִדישן פאָלק.

* * *

שטאַרק פאַרשפּרייט אין מיטלאַלטער איז געווען דער ספר „יוסיפון" — אַ קאָמפּילאַציע נאָכגעמאַכט פלאַוויוסן, איבערגעמישט מיט

1) גיטין נ"א און ווייטער.

אַ סך לעגנדעס (10טער יאָרהונדערט); אין 16טן י״ה איבערגעזעצט אויך אין ייִדיש — ציריך 1546 —

א. טשעריקאָווער. ייִדישער היסטאָגראַפיע
אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע ייִדן „א״
אַרויסגעגעבן פון קולטור־קאָנגרעס, ניו יאָרק

* * *

עס איז וויכטיק צו פאַרשטיין, אַז די אַלטע באַגריפן פון לאָיאַליטעט און (נאַציאָנאַלע) ערע קענען זײַן אַנדערע ווי איצט. יאָזעפוס איז ניט געווען דער איינציקער פּאָליטיקער פון דער אַלטער צײַט, וועלכער איז געווען אַ פּראָמינענטע פּערזאָן אין זײַן לאַנד, האָט אויסגעלעבט זײַנע יאָרן אין גלות אונטער דער שוץ פון שונאים פון זײַן לאַנד. אַזוי איז געווען דער גורל פון טעמיסטאָקלעס (V י״ה פאַר ק.ג.), דער מלוכה־מאַן פון אַטען דער שאַפער פון דעם גריכישן פלאָט, דער מלחמה העלד, איז געשטאָרבן אין גלות, ווײַט פון זײַן געבוירנשטאָט, ווי אַן אונטערטאַן פון פּערסישן קעניג, דעם שונא פון גריכנלאַנד.

אויך אייניקע היסטאָריקערס האָבן געשריבן זייערע ווערק אין גלות. טהוקידידעס, דער גריכישער שרײַבער, וואָס איז דער גרויסער מוסטער פון דער אַלטער היסטאָריאָגראַפיע, האָט, ווי יאָזעפוס אין זײַן צײַט, אויסגעפירט אַ מיליטערישע פונקציע אין אַ גורלדיקע תקופה פון זײַן לאַנד.

ווי אַ דורכגעפאַלענער העלד אין דער מלחמה, האָט ער אויך געשריבן די געשיכטע פון זײַן צוריקמאַרש — אין גלות (460־400 פ.ק.ג.).

און נעענטער צו יאָזעפוסעס צײַטן איז פּאָליביוס (123־205 לערך). דער זון פון אַ מלוכה־מאַן און גענעראַל אין גריכנלאַנד, גענומען געוואָרן פון די רוימער ווי אַ געפאַנגענער ערובניק און האָט אין לאַנד פון זײַנע שונאים געשריבן די געשיכטע פון רוים. ער איז אויך אַן עדות פון דער צעשטערונג פון דער שטאָט קאָרינט אין 2טן י״ה. אַזוי, אַז דער פאַל פון אונדזער פלאַוויוס יאָזעפוס איז ניט געווען קיין איזאָלירטער.

ער איז ניט געווען קיין אײַנפאַכער מענטש. ער איז געווען זייער אָרבעטזאַם, ענערגיש, אינטעליגענט, געניט אין דיפּלאָמאַטיע און נוצלעך אין מלחמה־פירונג.

אויף זײַן שטייגער איז ער געווען אַ מענטש פון שטרענג פּאַטריאָטישע געפילן, אָבער ער האָט ניט פאַרמאָגט די נאָבעלקײַט און

מוט פון זײַנע צײַט־חברים און קעגנער, אָדער דעם פּאָרויסזען פון די, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז די מלוכה איז שוין פאַרלאָרן, און זיי האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון קומענדיקן לעבן פון פאָלק אין די שולן, אין אַקאַדעמיעס און בתי מדרשים.

פּראָפ. אברהם וואַסערשטיין. אַרײַנפיר צו דעם בוך „פלאַוויוס יאָזעפוס״, ניו יאָרק 1974

* * *

## ניט יִדישע היסטאָריקעס וועגן יאָזעפוס און זיינע ווערק

דער באַרימטער ענגלישער היסטאָריקער ה. סט. דזשאָן טהעקעריי Thaekeray שרײַבט אין זײַן בוך „יאָזעפוס, דער מאַן און היסטאָריקער״ (ענגליש) ניו יאָרק 1967.

„עס איז געווען אַ צײַט אין מײַן לאַנד, ווען כמעט אין יעדער היים זײַנען געווען צוויי ביכער: די ביבל און יאָזעפוס, אין דער אַלטער ענגלישער איבערזעצונג פון 18טן יאָרהונדערט, פון וויליאַם ווהיסטאָן. ערשטע אויפלאַגע פון 1737 און אין אַ סך אויפלאַגעס זינט דעמאָלט״ (פאַר אונדז ליגט אַ וויהיסטאָן אויפלאַגע פון יאָר 1870. י.ג.).

* * *

די באַשרײַבונג וועגן דער מלחמה איז אַן איינזײַטיקע, און כדי צו באַלאַנסירן דאָס און צו זען די אַנדער זײַט פונעם בילד וואָלטן מיר גערן געפונען דאָס פאַרלאָרענע ווערק פון יוסטוס פון טבריה, אָדער נאָך בעסער: צו הערן די געשיכטע פון רבי יוחנן בן זכאי, אָדער אַן אַנדער פערזאָן, וואָס האָט איבערגעלעבט די באַלאַגערונג פון אינעווייניק. דער „פאַרברעכער״ יוחנן פון גוש חלב האָט ניט געקענט זײַן אַזאַ גזלן, ווי ער ווערט געשילדערט אין יאָזעפוסעס בוך, און די רויבערס (ליסטאַי), די קנאים, וואָלטן געקאָנט דערציילן אַן אַנדער מעשה וועגן זייער פּאַטריאָטיזם. יאָזעפוס אַליין איז אַן עדות אויף דער פעסטקײַט און מוט פון די יִדישע קעמפערס. און דער סוף פון די איבערגעגעבענע קעמפערס פון מסדה ווערט באַשריבן פון יאָזעפוס דראַמאַטיש און טראַגיש, און איז געווען דערהויבן אין זייער העלדישקײַט כדי ניט אַרײַנצופאַלן לעבעדיקערהייט צו די רוימער.

* * *

Liber

Josephi antiquitatis iudaice liber primus incipit feliciter.

De bello Judaico explicit feliciter Josephi Mathathie filii hebrei genere sacerdote et hierosolymis de antiquitate iudeorum contra Appionem gramaticum alexandrinum

Impressum in inclyta civitate Venetiarum per magistrum Reynaldum de Novimagio almanum. Anno salutis M.cccc.lxxxi. Ultima die Madii.

טעקסט פון דער לאַטייִנישער איבערזעצונג פון די ווערק פון יוסף בן מתתיהו — יאָזעפוס פלאַוויוס —: אַנהייב פון „די יידישע אַלטערטימלעכקייטן", „די יידישע מלחמה", „קעגן אַפּיאָן", געדרוקט אין ווענעציע, 1481. דאָס בוך געפינט זיך אין דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק, אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

פאָטאָ — א. בראַכעס

„חוץ פון אייניקע אויסצוגן אין די ווערק פון רוימישן היסטאָריקער סוועטאָניוס און פון אַ טייל פון 5טן בוך פון טאַציטוס „היסטאָריא״, איז יאָזעפוס דער איינציקער מקור פון דער מלחמה פון די ייִדן מיט די רוימער, און עס איז באמת גוט, וואָס ער איז (חוץ ווען ער באַשרײַבט זײַן אייגענעם אויפפיר) אַזאַ אַרומנעמענדיקער, גוט־אינפאָרמירטער, פּרעציזער און געוויסנדיקער דערציילער.

סטיוארט פּערזאָן Stewart Perowne
אין בוך די לעצטע הערשערס פון הורדוסעס משפחה, לאָנדאָן 1958

* * *

דער נאַציאָנאַלער היסטאָריקער פון די ייִדן איז געווען פלאַוויוס יאָזעפוס (37־105 נ.ק.ג.), דער מחבר פון „די מלחמה פון די ייִדן״ און „די אַלטע געשיכטע פון די ייִדן״ אין גריכיש. שרײַבנדיק נאָך דער צעשטערונג פון דער ייִדישער מלוכה אין יאָר 70 פון ערשטן יאָרהונדערט, האָט ער זיך באַמיט צו קאָמפּענסירן דעם אומגליק פון יענער צײַט דורך דעם באַטאָנען די גלאָררײַכע צײַט פון דער פאַרגאַנגענהײַט און דאָס האָט געפירט צו דעם איבערטרײַבן דעם עָבר פון דער געשיכטע פון די ייִדן נאָך שטאַרקער ווי אין דער כראָניק פון עזרא און נחמיה.

די באַשרײַבונג פון דער ייִדישער געשיכטע פון דער נאָכביבלישער תקופה איז שטאַרק ניט פאַרלאָזלעך, אָבער זײַן דערציילן פון דער נאָך חשמונאים־צײַט איז אין אַלגעמיין פרײַ פון גוזמאות און אָבערגלויבן. יאָזעפוס איז פון געוויסע היסטאָריקערס אָנגערופן דער ליוויוס פון די ייִדן.

הערי עלמער באַרנס און זײַן ווערק „די אינטעלעקטועלע און קולטור־געשיכטע פון דער מערבדיקער וועלט״, ערשטער טייל.

דער באַרימטער דײַטשישער היסטאָריקער עמיל שירער Emil Schürer האָט אָנגעשריבן זײַן וויכטיק ווערק Die Geschichte Des Jidishen Volkes Zur Zeit.
— Jesu Christi — די געשיכטע פון ייִדישן פאָלק אין דער צײַט פון יעזוס קריסטוס —
שטיצנדיק זיך כמעט אין גאַנצן אויף די ווערק פון יאָזעפוס.

* * *

דער גריכישער היסטאָריקער קאַסיאָדאָרוס (480-575) האָט געשריבן:

„יאָזעפוס איז כמעט דער צווייטער טיטוס ליוויוס (געלעבט אין 1 י״ה פ.ק.) אָנגעשריבן די געשיכטע פון רוים) און איז איבעראַל באַוווּסט צוליב זײַנע ביכער „די ייִדישע אַלטערטימלעכקײַטן". ער האָט אויך אָנגעשריבן זיבן ביכער פון אויסערגעוויינלעכן גלאַנץ וועגן דער באַצווינגונג פון די ייִדן.

* * *

אַ באַרימטער געלערנטער און קריטיקער פון 17טן יאָרהונדערט. יאָזעף סקאַליגער Joseph Scaliger האָט געשריבן: „יאָזעפוס איז געווען דער פלײַסיסקסטער און צום מערסטן אמת ליבנדיקער פון אַלע שרײַבערס, און מ׳קען אים בעסער גלויבן נישט בלויז אין די ענינים פון די ייִדן, נאָר אויך פון פרעמדע פעלקער איז ער מער באַגלויבנס ווערט ווי אַלע גריכישע און רוימישע שרײַבערס צוזאַמען.

ווי אַ קונסטווערק פאַרנעמט „די ייִדישע מלחמה" אַ הויכע מדרגה אין דער ליטעראַטור. די עצם געשיכטע ווערט דערציילט מיט אַ פּאַטאָס, וואָס אַזאַ טעמע איז ווערט זי זאָל באַשריבן ווערן, און מיט אַלע מיגלעכקײַטן (קוועלן) פון אַ לעבעדיקער באַשרײַבונג.

מ׳קאָן ציטירן אַ סך גלענצנדיקע אויסצוגן: די מפּלה פון קעסטיוס גאלוס, דאָס פאַרברענען פון דעם בית המקדש, די קעגנזײַטיקע שחיטה פון די פאַרטיידיקערס פון דער לעצטער ייִדישער פעסטונג מסדה.

טהעקעריי. דאַרטן

* * *

דער באַרימטער ייִדישער היסטאָריקער, וואָס האָט געשריבן אין גריכיש, איז געווען יוסף בן מתתיהו הכהן, אָדער יוסיפוס פלאַוויוס. אין זיין „קדמוניות היהודים" האָט ער געשריבן אַן אַלגעמיינע געשיכטע פונעם אָנהויב ביז זײַן צײַט. דאָס איז דאָס גרעסטע ווערק וועגן ייִדישער געשיכטע, וואָס איז פאַראַן אין גריכיש, און זי איז געקומען צו אונדז אין גאַנצן. יוסיפוס׳ טענדענץ איז אַן אַפּאָלאָגעטישע, ער וויל באַווײַזן זײַנע היידנישע לעזער, אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז זייער אַלט און האָט אַרויסגעבראַכט פון זיך אַ גאַנצע רײַע גרויסע לײַט, און אַז

לויט זײַנע חוקים און אינסטיטוציעס פאַרדינט עס די אַכטונג פון אַלע מענטשן.

יוסיפוס׳ צווייטע ווערק באַשרײַבט די געשיכטע פון דער ייִדישער מלחמה אין די יאָרן 66־73 נאָך קר. אין איר איז שוין ניטאָ קײַן טענדענץ צו באַשיינען דאָס ייִדישע פאָלק. אדרבה, אויב מען זאָל ריידן וועגן אַ טענדענץ, איז דאָס גיכער גרויס צו מאַכן דעם מחבר גופא און די רוימער.

אין איין צײַט מיט יוסיפוסן האָט אויך געשריבן יוסטוס פון טבריה. נאָר פון זײַנע ווערק איז געבליבן כמעט מער ניט ווי דער נאָמען. ער האָט געשריבן אַ „געשיכטע פון די ייִדישע מלכים״, וואָס האָט מסתמא געהאַט די פאָרם פון אַ כראָניק, און אַ געשיכטע פון דער ייִדישער מלחמה קעגן די רוימער.

עמיל שירער. געשיכטע פון ייִדישן פאָלק אין דער צײַט פון בית שני
פאַרקירצטע איבערזעצונג פון דײַטש, דורך ז. קלמנאָוויץ



# דניאל כוואָלסאָן

(פון דער סעריע: אינטערעסאַנטע
פערזענלעכקייטן פון ווילנע)



Chwolson

# דניאל כוואָלסאָן

**דער אָרעמער בחור מיט גלענצנדיקע פעאיקייטן, וואָס „האָט געביטן דאָס רענדל" און איז געוואָרן אַ פראָפעסאָר פון פעטערבורגער אוניווערסיטעט און פון טעאָלאָגישע קריסטלעכע סעמינאַרן. — ער האָט אָבער שטענדיק פאַרטיידיקט די אידן. — באַזונדערס אין אַן עת צרה — מיט זיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק.**

זײַן ייִדישער נאָמען איז געווען יוסף. ער איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין 1819. זײַן פאָטער איז געווען אַן אָרעמער מלמד. יוסף איז זייער יונג געוואָרן אַ יתום פון זײַן פאָטער. זײַן מוטער האָט געמוזט שווער האָרעווען כדי צו דערנערן אירע 4 קינדער. דער אינגל האָט געלערנט אין חדר און אין דער ישיבה בײַ ר' שמואל זאַרעטשער. ער איז געווען אַ גרויסער מתמיד און האָט פאַרמאָגט אויסערגעוויינלעכע פעאיקײַטן, ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַן עילוי. צו 17 יאָר איז ער

געוואָרן אַ חתן פֿאַר אַ טאָכטער פֿון אַ קרעטשמער אין שטעטל מיכײלישאָק, ווײַל זײַן מוטער איז באַשטאַנען אויפֿן שידוך כּדי צו פֿאַר־גרינגערן איר יאָך פֿון מפרנס זײַן די אַנדערע קינדער אירע. לויט איר בקשה האָט אויך דער ראש ישיבה אים צוגערעדט צום שידוך.

נאָך אין דער ישיבה אין ווילנע האָט כוואָלסאָן זיך שוין פֿאַראינטע־רעסירט אין ווערק פֿון דער אידישער פֿילאָזאָפֿיע און אין העברעישע וועלטלעכע ביכער וואָס האָבן זיך דעמאָלט שוין באַוויזן אין די גרעסערע שטעט פֿון ליטע. ער האָט די ביכער שטודירט און געלייענט אין געהיים. און ווען ער האָט חתונה געהאַט און געזעסן אין מיכאַלישאָק אויף „קעסט״. האָט זיך בײַ אים פֿאַרשטאַרקט דער חשק צו לערנען אַלגעמיינע קענטעניש און זיך אויסלערנען די דײַטשישע שפּראַך, וואָס איז דעמאָלט געווען דער שליסל צו אַלע וועלטלעכע וויסנשאַפֿטן. מיט אומגעהייערער מי און אויסערגעוויינלעכער ענערגיע האָט ער זיך אויסגעלערנט צו פֿאַרשטיין דײַטש און צו לייענען וועלטלעכע ביכער. ווען מען האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט מען אים אָנגעהויבן צו רודפֿן. ער האָט באַשלאָסן צו אָפּגטן זײַן פֿרוי און זיך לאָזן קיין דײַטש־לאַנד, כּדי צו דערגרייכן זײַן ציל.

אָן קיין שום מיטלען און אָן אַ גראָשן געלט האָט ער זיך געלאָזן צופֿוס קיין ריגע — אַ מהלך פֿון הונדערטער מײַל — נעענטער צו דער דײַטשישער גרענעץ. דאָרטן האָט ער זיך געוואָנדן צו דר. מאַקס ליליענטאַל, וועלכער איז געווען דער ראַבינער פֿון שטאָט און דירעקטאָר פֿון דער ייִדישער רעגירונגס־שולע. דר. ליליענטאַל איז געווען אַ חשוב בײַ דער צאַרישער רעגירונג, וואָס האָט געשטרעבט צו רוסיפֿיצירן די ייִדישע יוגנט, און ליליענטאַל האָט געזאָלט העלפֿן אין דעם פּלאַן דורך שאַפֿן רוסישע שולן און אַכטונג געבן אויף דער בילדונג פֿון די ייִדישע קינדער.

כוואָלסאָן האָט ליליענטאַלן דערציילט וועגן זײַן שטאַרקן פֿאַרלאַנג צו לערנען און באַקומען אַלגעמיינע בילדונג. ער האָט אים געשילדערט די שוועריקייטן און מסירות נפֿש ביז זײַן קומען קיין ריגע, און האָט געבעטן הילף.

ליליענטאַל, וואָס האָט געשטאַמט פֿון דײַטשלאַנד, האָט דעם וויסנ־דאָרשטיקן יונגערמאַן געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צום באַרימטן געלערנטן, רעפֿאָרם־ראַבינער, פּראָפֿעסאָר אברהם גייגער פֿון ברעסלוי.

## דניאל כוואָלסאָן

כוואָלסאָן האָט זיך ווידער געלאָזט צו פוס פון ריגע קיין ברעסלוי, ווו געטאָגט ניט גענעכטיקט, ממש געבעטלט ברויט און נאַכטלעגער, און האָט זיך צום סוף דערשלאָגן קיין ברעסלוי.

גייגער האָט כוואָלסאָנען מקרב געווען און האָט אים געהאָלפן מיט וואָס ער האָט געקענט, אים רעקאָמענדירט לערערס, וואָס זאָלן אים לערנען דײַטש און אים צוגרייטן צו אָנקומען אין אוניווערסיטעט.

די ערשטע יאָרן פון זײַן לעבן אין ברעסלוי האָט ער זיך שטאַרק געמאַטערט, ער האָט באַקומען אייניקע תלמידים, וואָס ער האָט מיט זיי געלערנט חומש און ווי אַ באַלוינונג האָט ער בײַ זייערע עלטערן „געגעסן טעג״.

דער היסטאָריקער ש. גינזבורג, שרײַבט אין זײַן בוך „משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד״, אין זײַן עסיי וועגן כוואָלסאָנען, אַז דער באַרימטער סאָציאַליסטישער פירער פערדינאַנד לאַסאַל איז געווען כוואָלסאָנס לערער פון דײַטש, בעת לאַסאַל איז געווען אַ יונגער סטודענט אין ברעסלוי.

כדי אָנצוקומען אין אוניווערזיטעט האָט כוואָלסאָן געמוזט אויס־האַלטן עקזאַמענס אויף אַלע לימודים פון גימנאַזיע, און דאָס איז אים זייער שווער אָנגעקומען, ווײַל ער האָט פריער ניט דורכגעמאַכט קיין שום סיסטעמאַטישע וועלטלעכע בילדונג. — אָבער זײַן שטאַרקער ווילן צו דערגרייכן זײַן ציל און זײַנע אויסערגעוויינליכע פעיִקײַטן האָבן אים געהאָלפן צו איבערשטײַגן אַלע שוועריקײַטן. און אין 1845 איז ער אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט. ער האָט זיך גענומען ערנסט צו שטודירן סעמיטישע שפּראַכן. אברהם גייגער האָט אים געהאָלפן אין די אוניווערזיטעט שטודיומס, און אין 1850 האָט ער פאַרענדיקט זײַן ערשטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט וועגן אַן אַלטער סעמיטישער רעליגיעזער סעקטע די „סאַבייער״. ער האָט אין דער אַרבעט אַרויס־געוויזן אַ באַטײַטיקן פאָרשערישן טאַלאַנט. ער האָט אויסגענוצט אומבאַקאַנטע היסטאָרישע מאַטעריאַלן אויף אַראַביש, וואָס ער האָט געפונען אין די אַרכיוון פון ווינער אוניווערזיטעט און האָט זיי גלענצנדיק באַאַרבעט. פאַר דעם ווערק האָט ער באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל פון דעם לײַפּציגער אוניווערזיטעט. זײַן נאָמען איז געוואָרן באַקאַנט אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט, ווי איינער פון די יונגע געלערנטע.

כוואָלסאָן האָט פאַרבראַכט אין דײַטשלאַנד 10 יאָר און האָט באַשלאָסן זיך אומקערן קײַן רוסלאַנד. מיט דער רעקאָמענדאַציע פון דעם דײַטשישן געלערנטן אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט צום רוסישן קאָנסול אין בערלין האָט כוואָלסאָן געקראָגן אַ דערלויבעניש צו קומען קיין פעטערבורג. דאָרטן איז ער אויפגענומען געוואָרן פון רעמאָלטיקן רוסישן בילדונג־מיניסטער, וועלכער האָט אים באַשטימט ווי אַ מיטגליד אין דער רעגירונגס קאָמיטעט בײַם בילדונגס מיניסטעריום, וואָס האָט באַדאַרפט אַרויסזאָגן זײַן מיינונג וועגן אידישע לערנביכער.

אין גיכן איז דער בילדונגס־מיניסטער געוואָרן אַבראַם נאָראָוו, אַ געלערנטער אין אָריענטאַלישע שפּראַכן און אַ פאָרשער. ער האָט זיך באַקענט מיט כוואָלסאָנען, און האָט באַקומען צו אים צוטרוי צוליב זײַן גרויסער געלערנטקײַט. און ווען דער מיניסטער האָט באַקומען פון צאַר ניקאָלײַ דעם ערשטן אָן אויפטראָג צו עפענען אַן אָריענטאַלישן פאַקולטעט בײַם פעטערבורגער אוניווערזיטעט, האָט ער פאָרגעלייגט כוואָלסאָנען דעם פּאָסטן פון פּראָפעסאָר פון העברעיש און סיריש, מיטן תנאי ער זאָל אָננעמען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן, ווײַל אַ ייִד האָט ניט געטאָרט זײַן קיין פּראָפעסאָר אין אַ רוסישן אוניווערזיטעט.

שאול גינזבורג און ש.ל. ציטראָן, וואָס באַשרײַבן געגוי מיט אַ סך פּרטים וועגן כוואָלסאָנס לעבן, דערציילן, אַז איבערגייענדיק צום קריסטענטום, האָט ניט איבערגעלעבט קיין שווערן גײַסטיקן קאַמף מיט זיך, און ער האָט אָן שום קווענקלעניש מסכים געווען אויף דעם מיניסטערס פאָרשלאָג.

ש. גינזבורג פאַררעכנט כוואָלסאָנען צו די משומדים, וואָס האָבן געביטן זייער גלויבן צוליב קאַריערע. ער האָט דערצויגן זײַנע צוויי זין ווי קריסטן, און ער האָט זיך קיין מאָל ניט אומגעקערט צום אידנטום אפילו דעמאָלט, ווען מ׳האָט עס געמעגט אין רוסלאַנד טאָן לעגאַל.

קורץ נאָך דעם, אין 1858, איז כוואָלסאָן באַשטימט געוואָרן ווי דער פּראָפעסאָר פון צוויי טעאָלאָגישע אַקאַדעמיעס אין פעטערבורג, ווו עס זײַנען צוגעגרייט געוואָרן פּראַוואָסלאַוונע און קאַטוילישע גלחים, און די רוסישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע האָט אַרויסגעגעבן זײַן ווערק וועגן די „סאַבייער און סאַבייאיזם" אין צוויי גרויסע בענד. ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ רײַ אַנדערע ווערק.

זײַן מאַטעריעלע לאַגע איז געווען געזיכערט און זײַן פּרעסטיזש ווי

אַ פּראָפעסאָר און וויסנשאַפטלער איז געשטיגן אין דער אַקאַדעמישער וועלט. צו אידן און אידישע פּראָבלעמען פון זײַן צײַט האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס, אָבער זײַנע וויסנשאַפטלעכע ווערק האָט ער געשריבן אויף טעמעס, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער אַלטער יידישער געשיכטע און מיט דער פּראַגע וועגן דער יידישע רעליגיע, ווי „די לעצטע סדר נאַכט פון קריסטוס", „בײַטראַגן צו דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון יידנטום", „ידיעות וועגן די כוזרים", „וועגן דער ווירקונג פון דער געאָגראַפישער לאַגע פון פּאַלעסטינע אויפן גורל פון יידישן פאָלק", און „די אַלט יידישע דרוקן", און אַנדערע.

אין 1852 איז אין דער שטאָט סאַראַטאָוו פאָרגעקומען אַ בלוט־בלבול אויף יידן. מ'האָט באַשולדיקט די יידן אין דערהרגענען צוויי קריסטלעכע ייִנגלעך מיט ריטועלע צוועקן. עס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן אַ סך אָנגעזעענע סאַראַטאָווער יידן און מאַסן העברעישע ספרים זײַנען קאָנפיסקירט געוואָרן.

די שנאה קעגן די יידן האָט זיך אַזוי פאַנאַנדערגעפלאַקערט דורך די שונאי ישראל אין דער אַנטיסעמיטישער רוסישער פּרעסע געשטיצט פון דער צאַרישער רעגירונג, בעת די צוגרייטונגען צום בייליס־פּראָצעס, אַז עס איז געווען אַ סכנה ניט בלויז פאַר די סאַראַטאָווער יידן, נאָר פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק אין רוסלאַנד. די פירער פון די יידן אין פּעטערבורג האָבן מיט גרויס מי געפּועלט, אַז די רעגירונג זאָל שאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע „אויסצופאָרשן די פאַרנומענע יידישע ספרים צו אויפקלערן די פאַרבאָרגענע יידישע אוממענטשלעכע רעליגיעזע דאָגמעס".

אין דער קאָמיסיע איז אויך באַשטימט געוואָרן ווי אַן עקספּערט פּראָפעסאָר דניאל כוואָלסאָן.

ער האָט זיך גענומען מיט אויסערגעוויינלעכע ענערגיע צו דערווײַזן וויסנשאַפטלעך, אויפן סמך פון אָריגינעלע יידישע מקורות, אַז עס קאָן גאָר קיין רייד ניט זײַן וועגן דעם, אַז יידן זאָלן געברויכן בלוט בכלל, און פון מענטשן בלוט צוליב רעליגיעזע צוועקן בפרט.

דאָס אויבערשטע געריכט פון רוסלאַנד האָט זיך געמוזט רעכענען מיט די אײַזערנע ראיות פון דער פאַרטיידיקונג, און האָט אַלע אַרעסטירטע באַפרײַט, חוץ 3, וואָס זײַנען פאַרמשפּט געוואָרן צו קאַטאָרגע שטראָף.

כוואָלסאָנס קרעפּטיקע פאַרטיידיקונג פון די סאַראַטאָווער ייִדן דורך זײַן עקספּערטיזע, האָט אים געבראַכט גרויס פּרעסטיזש צווישן דער מאַסע ייִדן פון תחום. אין אַ סך שטעט האָט מען זיך באַצויגן צו אים מיט ליבשאַפט און פאַרערונג, וואָס ער האָט געראַטעוועט דעם ייִדישן כבוד. מען האָט געוואָלט פאַרגעסן, אַז ער האָט זיך געשמדט צוליב קאַריערע. מ׳איז געווען שטאָלץ וואָס אין אים האָט זיך אויפגעוועקט „דאָס פּינטעלע ייִד״.

פון דעם סאַראַטאָווער פּראָצעס האָט זיך כוואָלסאָן איבערצײַגט, אַז די פון דורות אײַנגעוואָרצלטע שנאה צו די ייִדן און די בייזוויליקע אַגיטאַציע פון די אַנטיסעמיטישע שרײַבערס וואָס ווערן געשטיצט פון דער צאַרישער רעגירונג, וועלן זיך ניט פאַרענדיקן מיטן פּראָצעס. עס וועלן ווײַטער אויפקומען בלוט־בלבולים קעגן ייִדן. אין 1861 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ ווערק: „וועגן אייניקע מיטל־אַלטערלעכע באַשולדיקונגען קעגן ייִדן״ (איבערהויפּט וועגן בלוט־בלבול), און שפּעטער „צי געברויכן ייִדן קריסטלעך בלוט?״.

און ווען עס איז פון דאָס נײַ אויפגעקומען דער בלוט־בלבול וועגן די ייִדן אין דער קאַווקאַזער שטאָט קוטאַאיס, אין 1879, איז כוואָלסאָן געפאָרן אַהין, כדי בײַצוזײַן דעם פּראָצעס. די באַרימטע אַדוואָקאַטן פון רוסלאַנד אַלעקסאַנדראָוו און קופּערניק (אַ געטויפטער ייִד) האָבן פאַרטיידיקט די ייִדן, און אַלע אָנגעקלאָגטע זײַנען באַפרײַט געוואָרן. אין דעם פּראָצעס האָבן אַ גרויסן חלק געהאַט די קרעפּטיקע וויסנשאַפטלעכע איבערצײַגנדיקע ווערק פון ד. כוואָלסאָנען (ווי די ריכטערס האָבן אַליין מודה געווען).

אין 1863 איז אין פּעטערבורג אַנטשטאַנען די געזעלשאַפט „מפיצי השכלה״ אָנגעפירט פונעם באַראָן יוזיל גינזבורג. די פירנדיקע פערזענלעכקײַטן פון דער געזעלשאַפט זײַנען געווען ייִדישע אינטעלעקטואַלן און גרויסע גבירים וואָס זײַנען אַליין געווען רוסיפיצירט און האָבן געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן בילדונג און וויסן צווישן די רוסישע ייִדן אין דער לאַנדשפראַך.

די געזעלשאַפט מפיצי השכלה (געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן אויפקלערונג צווישן די ייִדן אין רוסלאַנד) איז געווען די ערשטע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד, וואָס איז לעגאַליזירט געוואָרן פון דער צאַרישער רעגירונג, און האָט געשפּילט אַ וויכטיקע

ראָלע מיט איר בילדונגס־און פאַרלעגערישער טעטיקייט ביי די רוסישע ייִדן און האָט עקזיסטירט ביז 1929, ווען זי איז פון דער סאָוועטישער מאַכט געשלאָסן געוואָרן.

פּראָפעסאָר כוואָלסאָן איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דער פאַר־וואַלטונג פון מ.ה. און האָט זיך באַטייליקט אין איר אַרבעט. אין 1869 האָט די געזעלשאַפט פאַרעפנטלעכט אַ זאַמל־בוך לטובת די ייִדישע עלעמענטאַר שולן (מיט דער רוסישער לימודים־שפּראַך), מיט דער באַטייליקונג פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע און רוסישע שרייבערס און וויסנשאַפטלערס, ווי שמעון פרוג, א. האַרקאַווי, באַראָן ד. גינזבורג, וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, ס. גרוזענבערג און אַנד.

כוואָלסאָן האָט אין דעם זאַמלבוך פאַרעפנטלעכט אַן אינטערע־סאַנטע אַרבעט: „אַלטע ייִדישע דרוקן״, וואָס ווערט באַטראַכט ווי אַ מוסטער פון וויסנשאַפטלעכער ביבליאָגראַפישער אָפּהאַנדלונג. אַ פראַגמענט פון דער דאָזיקער אַרבעט גיבן מיר אין דער מאָנאָגראַפיע.

כוואָלאָסן האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין „מפיצי השכלה״ און האָט זיך באַמיט אַרויפצולייגן אויף איר זיין חותם און האָבן אויף איר זיין השפעה, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט כוואָלסאָנס רעזיגנאַציע פון מ. ה. און איבעררייסן מיט איר וועלכע עס איז באַציאונגען. פאָרגעקומען איז דאָס וועגן דעם וויטערדיקן ענין: די חברה מ.ה. האָט געוואָלט אַרויסגעבן דעם חומש אין אַ רוסישער איבערזעצונג ווייל די אָנפירער האָבן געהאָפט אַז מיט דער הילף פון חומש וואָס איז אַזוי פאַרשפרייט צווישן די ייִדן און פאַרהייליקט פון זיי, וועט זיי איינגעבן צו באַווירקן די רוסישע ייִדן, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דער ייִדישער שפּראַך און פון העברעיש אין דער שפּראַך, וואָס דער חומש איז געשריבן, און זיך אָנהייבן צו באַנוצן מיט דער לאַנד־שפּראַך (רוסיש).

דאָס איז אַוודאי געווען נאַאיוו און ניט רעאַל, אָבער די פּעטערבורגער ייִדישע אינטעליגענטע אַסימילירטע קרייזן האָבן געהאַלטן פאַר אַ מוסטער משה מענדעלסאָנס דייטשישע איבערזעצונג פון תנ״ך (דער „ביאור״), וואָס האָט געהאָלפן צו פאַרשפרייטן די דייטשישע שפּראַך צווישן די ייִדן אין דייטשלאַנד און משכילים אין אַנדערע לענדער.

כוואָלסאָן האָט געוואָלט פועלן, אַז די חברה מ.ה. זאָל זיך באַנוצן מיט דער רוסישער איבערזעצונג פון דער ביבל וואָס דער רוסישער

„הייליקער סינאָד" — די הויפּט־פּאַרוואַלטונג פון פּראַוואָסלאַוונער קירכע — האָט מיט דער הילף פון כוואָלסאָנען אַרויסגעגעבן.

די סינאָדאַלע איבערזעצונג איז, ווי באַוווּסט דורכגעדרונגען מיט דעם קריסטלעך־רעליגיעזן גײַסט און די פּירערס פון דער חברה זײַנען געווען שאַרף קעגן באַנוצן דעם רוסישן חומש פאַר די ייִדן. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ לײַדנשאַפטלעכער סיכסוך וועגן דעם, און דער ענין איז געקומען צו דער עפנטלעכקײַט דורך דער אַלגעמיינער און רוסיש־ייִדישער פּרעסע. מ'האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער, ווי אַ „זייטיקער" טאָר זיך ניט מישן אין די אינערלעכע ענינים פון ייִדישן לעבן. אין רעזולטאַט פון דעם קאָנפליקט האָט זיך כוואָלסאָן אָפּגעזאָגט פון זײַן אָנטייל אין מפיצי השכלה. די געזעלשאַפט האָט מיט יאָרן שפּעטער אַרויסגעגעבן דעם חומש אויף רוסיש מיט דער הילף פון דעם העברעישן פּאָעט יהודה לייב גאָרדאָן (יל"ג) און דעם ווילנער מלומד י. גערשטיין (דער „אוטשאָני יעווריי" — דער געלערנטער ייִד — בײַם ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר).

כוואָלסאָן האָט געהאַט נאָך אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט די געלערנטע ייִדישע קרײַזן פון פּעטערבורג. אין יענער צײַט האָט דער קאַראַאימישער פאָרשער אברהם פירקאָוויטש אַרויסגערופן אַן אינטערעס מיט זײַנע אַרבעטן וועגן די קאַראַימער אין רוסלאַנד.

פירקאָוויטש האָט אין ארץ ישראל, עגיפּטן, קאַווקאַז און קרים צונויפגעזאַמלט אַלטע מאַנוסקריפּטן, ספרי תורה'ס, מצבות־אויפשריפטן און אַנדערע היסטאָרישע מאַטעריאַלן. מיט אַט די מאַטעריאַלן, באַזונדערס מיט די מצבות־אויפשריפטן פון קרים, האָט פירקאָוויטש זיך באַמיט צו דערווײַזן „וויסנשאַפטלעך", אַז די קאַראַאימער וווינען שוין אין קרים פון די גאַר אַלטע צײַטן, נאָך פאַר קריסטוס־געבורט, און זיי האָבן דעריבער קיין שום שײַכות ניט מיט ייִדן און מיט ריטועלער באַשולדיקונג אין בלוט־בלבול.

כוואָלסאָן האָט זייער געהאַלטן פון פירקאָוויטשעס אויפטוען און האָט אים געשטיצט פאַר דער בילדונגס־מאַכט. לויט זײַן רעקאָמענ־דאַציע האָט די פּעטערבורגער קייסערלעכע ביבליאָטעק אָפּגעקויפט פירקאָוויטשעס מאַנוסקריפּטן פאַר אַ גרויסער סומע געלט.

צווישן די געציילטע געלערנטע וואָס האָבן זיך באַצויגן מיט רעזערוו, שפּעטער מיט חשד צו פיקרקאָוויטשעס „וויסנשאַפטלעכע"

אויפדעקונגען איז געווען איינער פון כוואָלסאָנס תלמידים, דער באַרימטער אָריענטאַליסט אבהם אליהו האַרקאַווי (הרכבי), וואָס האָט דעמאָלט געלייענט לעקציעס אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט (באַרימטע ייִדישע פילאָלאָגן און אָריענטאַליסטן אויסער האַרקאַווין, איוראַעלסאָן, גורלאַנד, דוד גינזבורג א. אַנד. זײַנען געווען כוואָלסאָנס תלמידים אין די פעטערבורגער הויכשולן).

האַרקאַווי האָט זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיט פירקאָוויטשעס קאַראַיִמישע מאַטעריאַלן. ער איז געפאָרן קיין קרים, געמאַכט ווויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען אויפן סמך פון נײַ־אַנטדעקטע אָריגינעלע מאַטעריאַלן און איז געקומען צו דער מסקנא (אויספיר), אַז פירקאָוויטש האָט באַוואוסטזיניק געפעלשט די מאַטעריאַלן וועגן די קאַראַיִמער, און אַז זײַנע „אויפדעקונגען", זײַנען אומהיסטאָריש און ניט וויסנשאַפטלעך.

כוואָלסאָן האָט ניט געוואָלט (און ניט געקענט) זיך מודה זײַן, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות אין זײַנע אָפּשאַצונגען וועגן פירקאָוויטשן, און איז געבליבן אַ שטענדיקער שונא פון האַרקאַווי.

די דערמאָנטע פאַקטן האָבן גורם געווען, אַז כוואָלסאָן האָט זיך לחלוטין דערווײַטערט פון די ייִדישע אינטעלעקטועלע קרײַזן און האָט זיך דערנענטערט צו די רוסישע רעאַקציאָנערע באַוועגונגען און פּערזאָנען.

עס איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז אין דער זעלביקער צײַט האָט ער אָנגעהאַלטן פאַרבינדונגען מיט אַ רײַע אָנגעזעענע רבנים, געזעלשאַפטלעכע טוערס פון רוסלאַנד, וואָס פלעגן זיך אַלץ ווענדן צו אים נאָך הילף אין זייער שתדלנות פאַר די ייִדישע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, ווײַל זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ „קרוב למלכות".

דניאל כוואָלסאָן איז געווען אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקײַט מיט אַ סך מעלות און חסרונות. ער איז געווען ענערגיש, דאָמינירנדיק; ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע ליטעראַרישע באַגאַבונג. ער איז געווען אַן אַלטזײַטיקער פאָרשער אין פילאָלאָגישע און אָריענטאַלישע וויסנשאַפטן, הגם ליב געהאַט ליטעראַטור און קונסט, ער איז אָבער ניט געווען שטאַנדהאַפטיק אין עטיש־פּרינציפּיעלע פראַגעס.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דאָס פאָלק האָט אים צוגעשריבן דעם זאָג, ער זאָל כלומרשט האָבן געענטפערט אויף דער פראַגע פאַרוואָס

ער האָט געביטן זײַן גלויבן, די תשובה, אַז ער האָט זיך געטויפט צוליב „איבערצײַגונג״.

ער האָט זיך, נעמלעך איבערצײַגט, אַז עס איז בעסער צו זײַן אַ פּראָפעסאָר אין פּעטערבורג ווי מלמד אין ווילנע.

ער איז געשטאָרבן צו 92 יאָר אין מערץ 1910. צו זײַן לויה זײַנען געקומען אַקאַדעמיקער און גײַסטלעכע, אָבער ניט קיין ייִדן.

כּדי צו אילוסטרירן כוואָלסאָנס סטיל, זײַן טיפן אינטערעס און וויסן פון דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור, וועלן מיר איבערגעבן (אין ייִדישער איבערזעצונג) אַ פראגמענט פון זײַן אינטערעסאַנטער אַרבעט וועגן די ייִדישע אַלטגעדרוקטע ביכער (יעווריעיסקיע סטאַראָפּע־טשאַטניע קניגי). די אַרבעט ווערט פאַרעכנט, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, ווי איינע פון די בעסטע וויסנשאַפטלעכע ביבליאָגראַפישע מוסטערן אויף דער טעמע.

* * *

בוכדרוקערײַ איז אייגנטלעך דערפונדן געוואָרן נאָך פריער, אין 1440, נאָך דער ערשטער גרויסער בוך, דער אַזוי גערופענער 42 שורה׳דיקער תנ״ך, איז דערשינען אין יאָר 1460, אין מיינץ. גוטענבערג האָט מיט באַגײַסטערונג באַגריסט די נײַע קונסט. ער האָט שוין פאָרגעפילט דעם גרויסן באַטײַט פון דער וויכטיקער געשעעניש אין דער וועלט־געשיכטע.

די מאָנאַכן, וואָס האָבן זיך ביז יענער צײַט פאַרנומען מיט איבערשרײַבן ביכער, האָבן זיך אין געוויסע ערטער קעגנגעשטעלט דער בוכדרוקערײַ און האָבן דערקלערט זי ווי אַן אויפטו פון טייוול אָבער די ייִדן האָבן זיך מיט פרייד אָנגעכאַפּט אָן דער נײַער קונסט, און האָבן אומעטום זי באַשריבן ווי אַ הייליקע מלאכה — מלאכת הקודש — און ייִדישע דרוקערס האָבן צום סוף פון אַ געדרוקטן ספר צוגעגעבן אַזאַ פאָרמול:

ה׳ ברחמיו יזכנו להרבות תורה ולחדש ספרים בישראל אכי״ר (אמן כן יהי רצון). — גאָט זאָל מיט זײַן רחמים אונדז מזכה זײַן צו פאַרמערן תורה און צו באַנײַען ספרים בײַ אידן. אמן, אַזוי זאָל זײַן זײַן ווילן.

אין 1460 האָט מען אָנגעהייבן דרוקן ספרים אין שטראַסבורג, באַמבערג, קעלן (דײַטשלאַנד), באַזעל (שווייץ), רוים און ווענעדיק

# СБОРНИКЪ

## ВЪ ПОЛЬЗУ

## НАЧАЛЬНЫХЪ ЕВРЕЙСКИХЪ ШКОЛЪ

I. Еврейскія старопечатныя книги. Проф. **Д. А. Хвольсона.**— II. Ученье—свѣтъ. Стих. **С. Г. Фруга.**—III. Просвѣтительное движеніе среди евреевъ въ Германіи. **М. И. Кулишера.**—IV. Внукъ цадика. Эскизъ. **С. О. Ярошевскаго.**—V. Изъ исторіи культуры рус. евреевъ. **А. Я. Гаркави.**—VI. „Есть путь—одинъ для всѣхъ людей"... Стих. **А. А. Коринфскаго.**—VII. Изъ исторіи воспитанія евреевъ въ древнемъ мірѣ. **С. М. Станиславскаго.**—VIII. Гитта. Разсказъ. **М. Печориной-Дубровской.**—IX. Изъ сравнит. нервной патологіи русскихъ евреевъ и христіанъ. **Л. С. Минора.**—X. Еврейскимъ народнымъ учителямъ. Стих. **К. Н. Льдова.**—XI. Мечтатель. Разсказъ. **Р. М. Хинъ.**—XII. Памяти поэта-просвѣтителя, Барона **Д. Г. Гинцбурга.**— XIII. Когда жили еврейскіе пророки? **Владиміра Соловьева.**—XIV. Изъ Ансари. Стих. **В. Величко.**—XV. Къ исторіи начальнаго образованія евреевъ въ Россіи. **Л. М. Брамсона.**—XVI. П. М. Смоленскій. **Б. Брандта.**—XVII. О професс. образованіи евреевъ въ Одессѣ. **М. Г. Моргуляса.**—XVIII. Странствующія сказанія. **А. Воля.**—XIX. Педагогическія замѣтки: **А. Налимова, И. Переферковича** и **П. Антокольской.**—XX. Шейлокъ и его источники. **З. Венгеровой.**—XXI. Исторія одной еврейки. Разсказъ. **Б. Брандта.**—XXII. Гетто и заразныя болѣзни. **С. Грузенберга.**—XXIII. Русскіе люди объ образованіи евреевъ. **Г. Вольтке.**—XXIV. М. А. Оксъ, его переписка и сочиненія. **Б. О.**—XXV. Поправки и дополненія. Проф. **Д. Хвольсона.**— XXVI. Отъ Комит. О-ва Распростр. Просвѣщ. м. е. въ Россіи.

Изданіе Общества Распространенія Просвѣщенія между евреями въ Россіи.

С.-ПЕТЕРБУРГЪ.

Типо-Литографія А. Е. Ландау. Площадь Большого Театра, 2.

1896.

אַ זאַמלבוך פון מפיצי השכלה ווו עס איז געדרוקט כוואָלסאָנס עסיי
וועגן די אַלטע יידישע דרוקן. פעטערבורג 1896.

(איטאַליע) און אין פראַנקרײַך, האָלאַנד, וואַלענסיע (שפּאַניע) פּילזען, פּראָג (טשעכיע) און אין קראָקע (פּוילן).

די ביכער, וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן סוף פון 15טן י״ה (דאָס הייסט ביז 1500) רופן זיך אינקונאבולן, פון זיי האָט כוואַלסאָן געזען 75, און 24 פאַרמאָגט ער אין זײַן פּערזענלעכער ביבליאָטעק.

וואָס איז ספּעציעל צו באַוואונדערן אין זיי, איז די פּראַקטיקע אויסערלעכקײַט זייערע: ברייטע מאַרגינעזן, אויסגעצייכנט פּאַפּיר, זייער שיינע שריפט. באַזונדערס וואַרפט זיך אין די אויגן, אין די ספרים, די קוואַדראַט־אותיות פון יידישן אלף־בית. זיי מאַכן דעם אײַנדרוק פון אמתע „עדיסיאָן דע לוקס״ — לוקסוס־אויסגאַבעס.

פון די באַרימטע אייגנטימערס פון דרוקערײַען צייכנט זיך אויס מיט איר גראַנדיעזער אונטערנעמערישקײַט די משפחה סאָנטשינא (משפחת שונצינו). סונטשינא איז אַ שטעטל אין איטאַליע. די גאַנצע משפחה שטאַמט פון אַ דײַטשישן ייִדן ר׳ משה משפּירא (פון שפּײַער). זײַנער אַן אייניקל האָט צוליב די גזירות אויף ייִדן אין דײַטשלאַנד איבערגעוואַנדערט קיין איטאַליע אין סאָנטשינא. דער באַרימטסטער און אַקטיווסטער פון דער משפחה איז געווען גרשון. ער און זײַנע זין האָבן געשאַפן ייִדישע דרוקערײַען אין פאַרשיידענע שטעט פון איטאַליע, אין סאַלאָניקע און קאָנסטאַנטינאָפּל (טערקײַ). פון די דרוקערײַען זײַנען אַרויסגעקומען 23 מסכתות פון תלמוד, די ארבעה טורים, יד החזקה פון רמב״ם און צענדליקער אַנדערע ספרים און קאָמענטאַרן אויף חומש (אַלע אין העברעיש) ווי אויך וויכטיקע ווערק אויף גריכיש, לאַטיין און איטאַליעניש. די סאָנטשינא דרוקערײַען האָבן נאָך עקסיסטירט אין 16טן יאָרהונדערט.

מ׳קען זאָגן מיט זיכערקײַט אַז אַ סך וויכטיקע ווערק פון ייִדישע מחברים, וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן ביזן יאָר 1500 זײַנען פאַרלוירן געגאַנגען צוליב די קאַטאַסטראָפעס, וואָס זײַנען באַפאַלן די ייִדן אין סוף פון 15טן י״ה.

אין 1492 איז פאָרגעקומען דער גירוש שפּאַניע, ווען די ייִדן זײַנען פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד. בעת דעם גירוש זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן טויזנטער ספרים געדרוקט און מאַנוסקריפּטן, וואָס ייִדן האָבן ניט געקענט און ניט געטאָרט מיטנעמען. אפילו אין 16טן י״ה, אין דער צײַט פון דער קאַטוילישער רעאַקציע, זײַנען אין גאַנץ מערב־איראָפּע פאַר־

ברענט געוואָרן טויזנטער ספרים Ad Maiores Dei Gloriam — צו דער גרעסטער גלאָריע פון גאָט. — בעת דעם גירוש פּאָרטוגאַל האָט מען בײַ די ייִדן צוגענומען אַלע ספרים, און בײַ וועמען מ׳האָט געפונען באַהאַלטן אַ ספר אָדער אַ פּאָר תפילין, איז ער פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

די קאָרעקטאָרן (בעלי מגיה) פון די ספרים האָבן פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין די דרוקערײַען. זיי האָבן געמוזט זײַן באַטײַטיקע למדנים, וואָס האָבן פאַרשטאַנען די ספרים, וואָס זיי האָבן געדרוקט — עס זײַנען אויך געווען קאָרעקטאָרן וואָס האָבן זיך דערלויבט צו „אַרײַנטײַטשן" אין די מאַנוסקריפּטן זייערע אייגענע מיינונגען און „קריטיקירן" די מחברים און אפילו צושרײַבן זאַכן, וואָס דער מחבר האָט ניט געמיינט.

די פּאָפּולערע ספרים זײַנען געווען די קאָמענטאַרן אויפן חומש און תהילים, געשריבן פון רד״ק (רבי דוד קמחי). די פאַמיליע קמחי (אין 13טן י״ה) האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע געלערנטע מדקדקים און איבערזעצערס וואָס האָבן איבערגעזעצט פון אַראַביש אויף העברעיש די ווערק פון רמב״ם, יהודה הלוי (די פילאָזאָפישע ספרים) און אַנדערע.

חומש מיט רש״י און תרגום, די נביאים, משלי, איוב און דניאל מיט די קאָמענטאַרן פון רד״ק און רלב״ג (רבי לוי בן גרשון) אין גרויסן פאָרמאַט מיט נקודות און טראָפּ, זײַנען געווען זייערע באַליבטע און פּאָפּולערע אויסגאַבעס פון די סאָנטשינאָ־דרוקערײַען.

לערך אין 1477 איז אַרויס (מסתמא אין רוים) אַ פּראַכטיקע אויסגאַבע פונעם תלמודישן ווערטערבוך „הערוך" פון נתן בן־יחיאל פון רוים, וואָס איז שפּעטער פיל מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן.

אַ נײַער תקופה אין דער געשיכטע פון ייִדישע דרוקווּעזן הייבט זיך אָן אין 1516, ווען אַ רײַכער ענערגישער קריסט פון אַנטווערפּן דניאל באָמבערג האָט אָנגעהויבן דרוקן ייִדישע ביכער אין ווענעדיק. זינט דעם יאָר האָט זיך די ייִדישע דרוקערײַ־אונטערנעמונג אויסערגעוויינלעך צעבליט. אין יענער צײַט האָבן אַ סך רײַכע ווענעציאַנער בירגער אויסגעגעבן קאָלאָסאַלע סומעס געלט צו אַנגאַזשירן אין זייערע דרוקערײַען די בעסטע קאָרעקטאָרן און דרוקערס, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן לוקסוס־אויסגאַבעס.

איינער, אַ קאָרעקטאָר פון יענער צײַט, יהודה בן יצחק אשכנזי (ווי

זײַן נאָמען זאָגט, איז ער געווען פון דײַטשלאַנד) דערציילט וועגן דעם דרוקערײַ־אייגנטימער מארקא אנטאניא דזשושיניאַנאַ, אַז ער האָט אין 7 יאָר, ביז 1552 אַרויסגעגעבן 45 ווערק, אין דער צאָל דעם גאַנצן תלמוד, משניות און די משנה תורה פון רמב"ם.

* * *

עד כאן דער פראַגמענט פון כוואַלסאָנס אַרבעט וועגן די אַלטע געדרוקטע ספרים. אפילו פון דער איבערזעצונג איז גרינג צו באַמערקן זײַן שיינעם לעבעדיקן סטיל און זײַן גרויסער באַהאַוונטקײַט אין דער אַלטער העברעישער ליטעראַטור.



# דר. ישראל צינבערג

דער מחבר פון דער ווערק:
די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן

# דר. י. צינבערגס ווערק ווערט איצט
# אַרויסגעגעבן אין ענגלישער איבערזעצונג

דאָס פונדאַמענטאַלע ווערק פון ישראל צינבערג „די געשיכטע פון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן" ווערט איצט אַרויסגעגעבן אין אַן אַקאַדעמישער אויסגאַבע אויף ענגליש.

ביז איצט איז שוין אַרויס פון דרוק 6 בענד אין אַ גרויסן פֿאָרמאַט און בקרוב וועלן דערשײַנען נאָך זעקס בענד.

די „געשיכטע" איז געשריבן געוואָרן אין ייִדיש, איז געדרוקט אין ווילנע אין 1933, און איז אין 1943 איבערגעדרוקט געוואָרן אין ניו יאָרק. זי נעמט אַרום ייִדישע גײַסטיקע שאַפונג אין העברעיש און ייִדיש פון דער אַראַביש־שפּאַנישער תקופה (חסדאי איבן שפרוט, אין 10טן יאָרהונדערט) ביז דער השכלה־באַוועגונג אין פוילן אין 19טן יאָרהונדערט. אין 8 בענד, 10 טיילן. לעצטנס איז געפונען און פֿאַר־עפנטלעכט געוואָרן דער 9טער באַנד, אַרויסגעגעבן אין 1965 פון בראַנדײַס אוניווערסיטעט און ייוואָ. (זע: מײַן בוך „עסייען און זכרונות", דער המשך פון אַ גרויס ווערק איז געפונען געוואָרן).

די ענגלישע איבערזעצונג איז פון בערנאַרד מאַרטין און אַרויס־געגעבן פון „קעיס וועסטערן רעזערוו יוניווערסיטי־פּרעס", קליוולאַנד, מיט דער פערמאַנענטער אונטערשטיצונג פון דער מעמאָריעל פונדאַציע פֿאַר ייִדישער קולטור, קליוולאַנד און לאָנדאָן, ענגלאַנד; גרויסע פֿאָרמאַט אַקאַדעמישע אויסגאַבע, מיט גלאָסאַרן פון העברעיִשע און ייִדישע אויסדרוקן און אַ גענויעם אינדעקס פון נעמען און ערטער, מיט אַ הקדמה פון דעם איבערזעצער.

אַ קורצע ביאָגראַפיע פון דעם לעבן פון שאַפן פון ישראל צינבערג וועט אונדז געבן אַן אַרײַנבליק אין דער וועלט פון דעם דאָזיקן אויסער־געוויינלעכן מענטשן. ער איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל לאַנוויץ, נאָענט פון קרעמעניץ, פּאָדאָליע, אין 1873, פאַרבראַכט זײַנע קינדער יאָרן אין שטעטל און געלערנט בײַ פריוואַטע מלמדים און אין חדרים, שטודירט אין אויסלאַנד, געענדיקט אינזשיניער כעמיק אין קאַרלסרוע,

דײַטשלאַנד, און באַקומען זײַן דאָקטאָראַט אין באַזעל, שווייץ. אין יאָר 1898 קומט ער קיין פּעטערבורג און וווינט שוין דאָרטן ביז 1938.

ער אַרבעט ווי אַ כעמיקער אין דער לאַבאָראַטאָריע פון דעם פּוטילאָווער זאַוואָד (באַרימטער מעטאַל־פאַבריק אין פּעטערבורג). „בײַטאָג איז ער אין אַ כעמישער לאַבאָראַטאָריע, בײַ נאַכט אין דער לאַבאָראַטאָריע פון גײַסט. בײַטאָג. — צווישן נאַטור־וויסנשאַפטלעכע אינסטרומענטן און אַפּאַראַטן, בײַנאַכט צווישן ספרים און מאַנוסקריפּטן" (ש. ניגער) שוין אין 1900 האָט ער אָנגעשריבן מאָנאָגראַפיעס וועגן יידישע פּערזענלעכקײַטן (יצחק בער לעווינסאָנען און אַנדערע).

ער איז אַ מיטאַרבעטער אין די יידיש־רוסיש זשורנאַלן „וואָסכאָד" (אויפגאַנג), „פּערעזשיטאָיע" (דאָס איבערגעלעבטע), „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" (יידיש אַלטערטום) און „יידישע וועלט", וואָס ער איז געווען איינער פון אירע גרינדערס (פּעטערבורג־ווילנע — 1912־1915) און „פרײַנד", פאַרעפנטלעכט „די געשיכטע פון דעם יידישן דרוקוועזן אין רוסלאַנד", זיך באַטייליקט אין ערשטן באַנד פון דעם גרויסן זאַמלבוך „די געשיכטע פון יידישן פאָלק אין רוסלאַנד און פּוילן", מיט אַ גרעסערע מאָנאָגראַפיע וועגן דעם אַלטער יידישער ליטעראַטור, דערשינען בלויז דער ערשטער באַנד אין 1914.

אין 1903 (ביז 1914) הייבט אָן צו דערשײַנען די יידיש־רוסישע ענציקלאָפּעדיע אין 16 בענד (רוסיש), ווו עס נעמען אָנטייל די וויכטיקסטע יידישע געלערנטע פון יענער צײַט. שמעון דובנאָוו און ישראל צינבערג זײַנען די הויפּט רעדאַקטאָרן פון צוויי אָפּטיילונגען — דובנאָוו פון געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד, און צינבערג אין אָפּטיילונג 7 — יידישע ליטעראַטור (נאָוואַ יעווריעיסקאַיאַ ליטעראַטוראַ — נײַע יידישע ליטעראַטור; העברעיש האָט געהייסן אין רוסיש דערווניע יעווריעיסקאַיאַ ליטעראַטוראַ — אַלט־יידישע ליט.) חוץ דעם זײַנען אין דער ענציקלאָפּעדיע געדרוקט צינבערגס אַרטיקלען וועגן אַסימילאַציע, השכלה, י.ל. גאָרדאָן, דער ווילנער גאון, משה לייב ליליענבלום, פּרץ סמאָלענסקין, רנ"ק, משה מענדעלסאָן און אַנדערע וויכטיקע יידישע פּערזענלעכקײַטן.

צינבערגס שרײַבן צייכנט זיך אויס מיט אָריגינאַליטעט, לומדות, ערודיציע, און פּשטות און פאַרשטענדלעכקײַט פון דער שפּראַך.

גענויע פּרטים וועגן זײַן לעבנסווערק, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו

שרײַבן אין רוסיש (דערנאָך איבערגעזעצט אויף יידיש און דאָס נײַ באַאַרבעט דעם מאַטעריאַל), „די געשיכטע פון דער ליטעראַטור בײַ יידן" — קאָן מען ניט איבערגעבן בקיצור.

צינבערג האָט געאַרבעט איבערן ווערק צענדליקער יאָרן, געזאַמלט מאַטעריאַל אין די ביבליאָטעקן און אַרכיוון פון פעטערבורג געזעסן אין זײַן קאַבינעט און געשריבן מיט אויסערגעוויינלעכער התמדה און מיט זײַן פענאָמענאַלער אַרבעטספייאיקײַט.

ער איז חוץ דעם געווען אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש, ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער חברה מפיצי השכלה, ליטעראַרישער געזעלשאַפט, אין די רעדאַקציעס פון די יידישע און יידיש־רוסישע זשורנאַלן, און אין דער פאָלקס־פּאַרטיי.

אין די שווידערלעכע יאָרן פון רוסלאַנד — אין די 1937־1938 — בעת עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָליטישע פּראָצעסן און די „רייניקונגען", ווען די געהיים־פּאָליציי האָט מיט דער גרעסטער אכזריות אומגעבראַכט און פאַרשיקט אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן טויזנטער סאָוועטישע בירגער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, האָט זיך די האַק אַראָפּגעלאָזט אויף די יידן. די ערשטע קרבנות פון סאָוועטישן רעזשים זײַנען געווען דער יידישער פּאָעט, דער געטרײַער קאָמוניסט איזי כאַריק (1937) און דער גלענצנדיקער יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער ישראל צינבערג. אין 1938 איז ער אַרעסטירט געוואָרן אין זײַן דירה, פאַרשיקט געוואָרן אין וולאַדיוואָסטאָק (מזרח־סיביר) און איז אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער דאָרטן אין 1939.

דער היסטאָריקער דר. יעקב שאַצקי, דער גרויסער ערודיט און גלענצנדיקער אַנאַליטיקער, שרײַבט וועגן צינבערגס „געשיכטע": „אונדז פעלט ממש אַטעם און פערספעקטיוו ריכטיק אָפּצושאַצן דאָס וואָס צינבערג האָט אויפגעטאָן. פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט זיך אין די 8 בענד, אין צען חלקים אַ פּילפאַרביקע פּאַנאָראַמע פון ווערק און ווערטן פון פאַרשיידענע דורות, תקופות, לענדער, לשונות און געמיטער. אויסגעמאָלן פון איין מענטשן, וואָס האָט זיך מכין געווען אַ גאַנץ לעבן צו דער דאָזיקער עבודה. אין די דאָזיקע בענד פילט מען אַ וואַרעמע נשמה פון אַ מענטשן, וואָס באַנוצט זיך מיט די מעטאָדן פון פאָרש־אַרבעט, ווײַל אַזוי דאַרף מען. מיט אים פאַרענדיקט זיך אַ תקופה.

ער איז לעת עתה דער לעצטער היסטאָריקער פון ליטעראַטור בײַ ייִדן״.
זאמלביכער רעדאקטירט פון י. אָפּאָטאָשו
און ה. לייוויק, נומ. 8, 1952

אין ציַנבערגס בריוו צו שמואל ניגער (1935־1911) און צו יוסף אָפּאַטאָשו (1933 — 27טן יוני 1937) קומט צום אויסדרוק זײַן וואַרעמער אינטערעס צו דער ייִדישער שאַפונג אין אַמעריקע און די האַרציקע באַציאונג צו די חברים שרײַבערס.

ער דערציילט מיט פרייד אַז אין ווילנע דרוקט זיך שוין דער 7טער באַנד פון זײַן לעבנסווערק, און אַז ער איז גליקלעך צו לייענען די ווערק פון אָפּאַטאָשו און ניגער וואָס ער באַקומט פון ניו יאָרק מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג אין לעניגראַד.

ער שיקט זײַנע כתב־יד פאַרן „צוקונפט״, ער לייענט מיט אינטערעס די „ליטעראַרישע בלעטער״, וואָס דערשײַנען אין וואַרשע.

אין אַ בריוו צו ניגערן פון 2טן דעצ. 1920 שרײַבט ער: „ווי איז אײַער דעה, צי לוינט זיך פאַר מיר איך זאָל מיך לאָזן קיין ניו יאָרק; צי וועט מיר דאָרט ניט שווער די פאַמיליע צו דערנערן אַלס ליטעראַט און לעקטאָר, דערצו נאָך אַ באַהאַוונטער אין נאַטור־וויסנשאַפטן, בפרט אין חכמת הכעמיע. מיר זײַנען דאָ ווי אָפּגעשניטן פון דער גאָרער וועלט און ווייסן ניט וואָס דאָרטן טוט זיך״.

ער פילט זיך אין פּעטערבורג איינזאַם, ווײַל די וויכטיקסטע שרײַבער און געלערנטע פון זײַן דור זײַנען אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד, און די מאַטעריעלע אומשטענדן זײַנען קלאָגעדיקע. אָבער ער איז ווײַטער געזעסן אין זײַן קאַבינעט און האָט געאַרבעט אין די אָוונטן איבער זײַנע ווערק.

אין איינעם פון זײַנע לעצטע בריוו צו יוסף אָפּאַטאָשו, אַפּריל 26, 1936, שרײַבט ער, אַז מיטן 8טן באַנד פון זײַן „געשיכטע״ איז ער שוין באַלד פאַרטיק.

„און יאָ, מחשבותן! עיקר שכחתי. איר געדענקט דאָך מסתמא ווי איך האָב מיך מיט אייניקע חדשים צוריק אָנגעפרעגט בײַ אײַך, צי וואָלט בײַ איצטיקע אומשטענדן מעגלעך געווען צו טראַכטן אַרויסצוגעבן מײַן ווערק אין ענגלישער איבערזעצונג. איר האָט מיר דעמאָלט פאָרגעשלאָגן איך זאָל זיך ווענדן מכוח דעם צו איינעם פון די ,חכמי היהדות׳, אַ שטייגער צו ישראל דאַווידזאָנען. גראָד צו יענער צײַט

באַקום איך פון דעם זעלבן דאַווידזאָנען צוגעשיקט זײַנע אַ זייער פריַינדלעכער צושריפט באשר ער שיקט מיט די אַרבעט אויס דאַנק־באַרקײַט פאַר דעם פאַרגעניגן, וואָס ער האָט געהאַט לייענענדיק מײַנע לעצטע 2 בענד (5, 6) האָב איך דאַן אויסגענוצט די געלעגנהײַט און זיך געווענדעט צו אים מיט אַ בריוו און אים געפרעגט ווי ער געפינט: צי זײַנען פאַראַן רעאַלע מעגלעכקײַטן מײַן געשיכטע זאָל דערשײַנען אין ענגלישער איבערזעצונג אָדער דאָס איז ניט מער ווי אַ „חלום שאין לו פתרון" (אַ פאַלשער חלום, וואָס האָט ניט קיין באַשיידונג). דערויף האָט דאַווידזאָן געענטפערט אָט־וואָס:

ער ברענגט דעם אויטענטישן בריוו אין העברעיש, ווו דאַווידזאָן שרײַבט אַז בײַ אים איז ניט קיין ספק אַז דאָס בוך איז ווערט איבער־געזעצט צו ווערן אין ענגליש, אָבער עס זײַנען פאַראַן שטערונגען אַזעלכע, וואָס די זאַך איז ווי אַ חלום וואָס וועט בקרוב ניט פאַר־ווירקלעכט ווערן.

דאַווידזאָן שרײַבט, אַז אין גאַנץ צפון־אַמעריקע איז ניטאָ אפילו קיין איין פריוואַטער פאַרלעגער, וואָס זאָל אַרויסגעבן וויסנשאַפטלעכע



ישראל צינבערג

ווערק אויף ייִדיש. עס איז אמת דאָ אַ געזעלשאַפט אין פילאַדעלפיע (דזשואיש פּאַבליקיישאַן סאָסײַעטי), וואָס גיט אַרויס ביכער אָריגינעלע און איבערגעזעצטע. אָבער די מענטשן וואָס שטייען בראש פון דער געזעלשאַפט באַציען זיך גלײַכגילטיק צו וויסנשאַפטלעכע ווערק געשריבן אין ייִדיש, חוץ דעם ווילן זיי האָבן אַן אַנדער תירוץ. ניט לאַנג צוריק האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן און איר ליטעראַטור, וואָס די מחברים זײַנען פּראָפעסאָר מאַרקס און מאַרגאָליס אויך דר. וואַקסמאַן האָט אָפּגעדרוקט צוויי טיילן פון זײַן ווערק (אין ענגליש) און בקרוב וועט דערשײַנען דער דריטער טייל.

אויב אײַער (צינבערגס) ווערק וואָלט דערשײַנען אין ענגליש וואָלט עס צוגעדריקט צו דער וואַנט אַלע ביז־איצטיקע ווערק, אָבער צום סוף פירט אויס דאַווידזאָן אַז עס וועט ניט העלפן אָבער שאַדן וועט עס ניט. אם לא יועיל לא יזיק.

צינבערג ענדיקט זײַן בריוו צו אַפּאַטאָשו: איך האָב פײַנט צו קלאַפּן אין פעסט פאַרמאַכטע טירן. איך האַלט דאָס אויך פאַר אַ שטיקל פּחיתת הכבוד צו ווענדן זיך צו אַזוינע „אדונים", וואָס פאַרהאַלטן זיך מיט ביטול צו ייִדיש. ווי האַלט איר"

זאַמלביכער נומ׳ 5, 1943

* * *

זעקס און דרײַסיק יאָר נאָך דעם מאַרטירער־טויט פון ישראל צינבערג איז זײַן חלום פאַרווירקלעכט געוואָרן, און זײַן לעבנסווערק ווערט אַרויסגעגעבן אין אַן אַקאַדעמישער אויסגאַבע אין 12 בענד, פון וועלכע 6 זײַנען שוין דערשינען און די איבעריקע 6 וועלן בקרוב אַרויסגיין.

אין דער אינטערעסאַנטער הקדמה צו דער ענגלישער אויסגאַבע שרײַבן פּראָפעסאָר בערנאַרד מאַרטין:

„ישראל צינבערגס געשיכטע פון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן" איז איינער פון די לעצטע גרעסטע מאָנומענטן פון דער ייִדישער וויסנשאַפט פון אייראָפּייִאישן אידנטום. די וועלט וואָס האָט די גרויסע ווערק געשאַפן איז אויף שטענדיק אַוועק אין רעזולטאַט פון חורבן דורך די נאַציס.

עס איז צו האָפן, אַז די איבערזעצונג וועט העלפן צו אָפּהיטן דעם

20/V 1909

ידידי בריינין!

אחלי את כבודו להודיעני בטוב
את הפרטים הנחוצים לתולדות
חייו ופעולתו הספרותית, הנחוצים
לי כחומר ל"ערך" בשביל האנציקלופדיה
היהודית החדשה ונדפסת פה
בדיר הברורה בשפת רוסיה.

ברגשי כבוד ויקר

ד"ר י. צינברג

כתבתי:
С. Л. Цинберг
С. Петербург Усачевъ переулокъ
№ 6, кв. 6

אַ בריוו פון ד"ר י. צינבערג צו ראובן בריינין וועגן מאַטעריאַל צו זײַן ביאָגראַפיע פאַר דער רוסיש־יידישער ענציקלאָפעדיע וואָס וועט זיין געדרוקט אין פעטערבורג אויף רוסיש. 20טער מיי, 1909.

לעבעדיקן אָנדענק פון דער פאַרשוואונדענער וועלט און וועט פירן צו אַ טיפערער פאַרשטענדעניש פון די אומאָפּשאַצלעכע ליטעראַטור־אוצרות, וואָס דאָס אייראָפּייִשע אידנטום האָט געשאַפן אין איר טויזנטיאָריקער געשיכטע".

דאָס ווערק וועט געוויס ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן אין דער אַקאַדעמישער וועלט, וועלכע ווייַזט לעצטנס אַרויס גרויסע פאַראינטע־רעסירונג אין די שאַפונגען פון מזרח־אייראָפּייִשער געשיכטע.

די באַטייַטיקע צאָל סטודענטן, וואָס לערנען איצט אין די אַמעריקאַנער הויכשולן ייִדישע און העברעישע קולטור־ווערק וועט „די געשיכטע פון דער ליטעראַטור בייַ ייִדן" ווערן אַ קוואַל פון וויסן וועגן דער דורות׳דיקער ייִדישער קולטור.

* * *

באַמערקונג:

דאָס ווערק פון ישראל צינבערג איז אַרויס אין ישראל אין העברעישער איבערזעצונג.

דער זעקסטער באַנד (אַכטער טייל) פון דער ייִדישער אויסגאַבע באַשרייַבט געגנוי, אויפן סמך פון אָריגינעלע מקורות די אַלטע ייִדישע ליטעראַטור, פון די עלטסטע צייַטן ביז דער השכלה־תקופה אין אַ בוך פון 439 זייַטן.



# ד״ר יעקב שאַצקי

ער איז געווען אַ היסטאָריקער, פּרוכפּערדיקער שרײַבער, מחבר פון וויכטיקע ווערק וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן, וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור און טעאַטער, דינאַמישע ייִדישע ישובים פון דער וועלט. ער איז פּריצײַטיק געשטאָרבן צו 62 יאָר, אין 1956.

צו זײַן אָנדענק האָט דער אַרגענטינער אָפּטייל פון דעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ייוואָ — אַרויסגעגעבן אַ שאַצקי־בוך — אָפּשאַצונגען וועגן אים; זײַנע זכרונות, בריוו, רעפעראַטן און עסייען, רעדאַקטירט פון י. ליפשיץ, בוענאָס איירעס 1958.

פון דעם שאַצקי־בוך באַקומט זיך אַ קלאָר און גענוי בילד וועגן דעם לעבן און שאַפן פון דעם אויסערגעוויינלעך טאַלענטירטן היסטאָריקער, ערודיט אין פאַרשיידענע צווייגן פון דער וועלטלעכער ייִדישער קולטור.

### זיין ביאָגראַפיע

יעקב שאַצקי איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, אין 1894. זײַן פאָטער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מאַן און אַ משכיל. ער האָט זײַן זון געגעבן אַ גוטע ייִדישע דערציאונג. שאַצקי האָט זיך געלערנט אין חדר און האָט אויך באַזוכט אַ פּוילישע האַנדלס־שול. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אויסערגעוויינלעכע כשרונות און אַ שטאַרקן חשק צום לערנען. ווען ער איז אַלט געוואָרן 12 יאָר איז זײַן פאָטער געוואָרן קראַנק, און די משפּחה איז פאַראָרעמט געוואָרן. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן די שול און זיך נעמען צו אַ מלאכה. ער איז געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אין אַ געשעפט און האָט געגעבן פּריוואַטע לעקציעס, האָט אַ סך געלייענט און געלערנט ווי אַן אויטאָדידאַקט. ער האָט געשטרעבט צו באַקומען אַלגעמיינע וויסן און פאַרפולקאָמען זײַנע ידיעות. ער האָט אָבער נישט געהאָט קיין מאַטעריעלע מעגלעכקײַטן צו לערנען אין אַ שול. פון זײַנע מאָגערע פאַרדינסטן האָט ער געקויפט ביכער און האָט שטענדיק געלייענט און געלערנט.

נאָך זײַן פאָטערס טויט פלעגט ער גיין זאָגן קדיש אין דער

טלאָמאַצקער שול, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ רײַכע ביבליאָטעק וועגן ייִדישן וויסן אין פאַרשיידענע שפּראַכן. דער וויסנדאָרשטיקער בחורל פלעגט שוין נאָכן דאַוונען פאַרבלײַבן אין דער ביבליאָטעק, געלייענט אין די ספרים און שטודירט לאַטיין פון דער פילשפּראַכיקער ביבל. דער ביבליאָטעקאַר האָט דערקענט אין דעם יונגן שאַצקי געניאַלע פעיקייטן און האָט אים דערמוטיקט צו לייענען און שטודירן די זעלטענע ספרים.

אַ צופאַל האָט אים דערנענטערט צו דער וועלט פון ייִדישע וויסנשאַפט און פאַרשונג. בעת זײַן פאָטער האָט נאָך געלעבט — פאַר זײַן קראַנקהײַט — פלעגט ער אים מיטנעמען אויף די לוויות פון באַרימטע ייִדישע פּערזענלעכקײַטן.

ער דערמאָנט אין זײַנע זכרונות, אַז זײַן פאָטער האָט אים מיטגענומען צו דער לוויה פון חיים זעליק סלאָנימסקי, וואָס איז געווען דער לאַנגיאָריקער רעדאַקטאָר פון דער העברעיִשער טעגלעכער צײַטונג „הצפירה", און איז אויך געווען אַ באַדײַטנדיקער געלערנטער און דערפינדער. ער איז געשטאָרבן אין 1904, ווען שאַצקי איז אַלט געווען 10 יאָר. דער פאָטער האָט אים דערבײַ געזאָגט: „מײַן קינד, זאָלסט וויסן, אַז עס איז געשטאָרבן דער לעצטער גרויסער ייִד וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער דור".

ווען ער איז אַלט געווען 14 יאָר, איז ער שוין געווען אָנגעלייענט אין אַ סך ווערק פון ייִדישע געלערנטע, וואָס האָבן געשריבן אויף פּויליש וועגן ייִדישע געשיכטע, עטנאָגראַפיע און קונסט. עס איז דעמאָלט געשטאָרבן מאַטיאַס בערסאָן, דער מעצענאַט, זאַמלער פון ייִדישע אַנטיקן, און שרײַבער וועגן ייִדישע קונסטווערק אין פּוילן. שאַצקי, וואָס איז שוין געווען באַקאַנט מיט בערסאָנס ווערק, איז אויך געווען אויף דער לוויה און איז געשטאַנען נאָענט צום קבר, אַן עלטערער מאַן איז צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט, צי איז ער אַ קרוב פון דעם פאַרשטאָרבענעם. שאַצקי האָט געענטפערט, אַז ער איז געקומען אָפּגעבן כבוד דעם מחבר פון ווערק „די אַלטע בתי מדרשים אין פּוילן".

דער עלטערער מאַן איז געווען דער באַרימטער היסטאָריקער אַלעקסאַנדער קרויזהאַר, אַן איידעם פון דעם נפטר (קרויזהאַר איז געווען אַן אָנהענגער פון דער אַסימילאַציע. מחבר פון ווערק וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן. האָט זיך שפּעטער געשמדט). דער ענטפער

האָט אויפן פּראָפעסאָר געמאַכט אַ גרויסן רושם, און האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם אויסערגעוויינלעכן יינגל, און האָט וועגן אים דערציילט צו וויכטיקע יידיש־פּוילישע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי רעגינאַ ליליענטאַל.

זי האָט זיך מיט אים דורכגערעדט און האָט אין דעם יינגל דערזען דעם קינפטיקן היסטאָריקער פון די יידן אין פּוילן, און זי האָט אים רעקאָמענדירט צו אַ מעצענאַט, וואָס האָט אים געגעבן צוויי רעקאָמענדאַציע־בריוו: צום ראַבינער פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע, דר. פּאָזנאַנסקי, און צום יידיש־פּוילישן עטנאָגראַף סעמועל אַדעלבערג.

אין רעזולטאַט פון דעם קאַלאַקוויום (שמועס־עקזאַמען) מיטן ראַבינער פּאָזנאַנסקי האָט שאַצקי באַקומען אַ סטיפּענדיע אויף 10 יאָר צו לערנען אין קראָקע אין אַ פּוילישער גימנאַזיע און אין דעם באַרימטן יאַגעלאָנער אוניווערסיטעט.

ער האָט אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס און גימנאַזיע מיט אויסצייכענונג און דעם קראָקעווער אוניווערסיטעט. זיין דאָקטאָר דיסערטאַציע איז געווען אויף דער טעמע: די יידן־פראַגע אין קעניגרייך פּוילן 1831־1863.

דער באַרימטער יידישער היסטאָריקער, פּראָפעסאָר שמעון אשכנזי, האָט פּראָטעזשירט דעם יונגן שאַצקי און האָט אים רעקאָמענדירט ווי דעם היסטאָריקער פון די יידן אין פּוילן, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז דער געשיכטע־שרייבער פון די פּוילישע יידן דאַרף זיין אַ וואַרשעווער וואָס האָט זיין ווויסנשאַפטלעכע צוגרייטונג באַקומען אין קראָקעווער אוניווערסיטעט.

נאָכן ענדיקן איז ער אַריינגעטראָטן אין פּילסודסקי־לעגיאָן, אין דער אַרמיי פון דעם ניי־אַנטשטאַנענעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, אין 1918.

ד״ר פיליפּ פרידמאַן באַשרייבט אין זיין אַרבעט: „יעקב שאַצקיס אָרט אין דער מזרח־אייראָפּעישער יידישער געשיכטע־שרייבונג״. אַז „שאַצקיס בראשיתדיקע געשיכטלעכע אַרבעטן זיינען געווען פאַרוואָרצלט אין זיין ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט און אין שטורעמדיקע געשיכטלעכע פּאַסירונגען פון דער מערקווירדיקער היסטאָרישער תקופה אין וועלכער דער יונגער און שטאַרק עמאָציאָנעלער בחור האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט ווי אַ יידישער היסטאָריקער. ס׳איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דער

שטורעם פון פּאַטריאָטישן ענטוזיאַזם פאַר פּוילנס פרײַהײַט־קאַמף, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די אַקאַדעמישע יוגנט, בתוכם אויך אַ צאָל ייִדישע סטודענטן אין די פּוילישע אוניווערסיטעטן, האָט מיטגעריסן שאַצקין. אַ קורצער רעזולטאַט פון אָט דער באַווירקונג איז געווען דער עפּיזאָד פון זײַן מיליטער דינסט אין די פּוילישע לעגיאָנען. אַ פּועל יוצא פון אָט דער איבערלעבעניש איז געווען זײַן אינטערעס אויסצופאָרשן די ייִדישע באַטייליקונג אין די פּוילישע מיליטערישע און רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען — דער חלק פון די ייִדן אין די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, אין דעם אויפשטאַנד פון קאָשטשוקאָ 1793 און די פּוילישע אויפשטאַנדן קעגן די רוסן פון 1831 און 1863, און דער פּאַרזוך פון אַדאַם מיצקעוויטש צו שאַפן אַ ייִדישן לעגיאָן אין דער צײַט פון דער קרים־מלחמה".

אין 1918 איז ער געוואָרן רעפערענט פאַר ייִדישע ענינים אין אויסערן־מיניסטעריום. אין מײַ 1919 האָט די פּוילישע רעגירונג אים דעלעגירט קײַן ווילנע אויספאָרשן די בלוטיקע געשעענישן (דער פּאָגראָם איבער די ווילנער ייִדן דעם 19טן אַפּריל, וואָס איז דורכגע־פירט געוואָרן פון די פּוילישע לעגיאָנען, נאָכן פאַרטרײַבן די באָלשעוויקעס פון ווילנע. י.ג.). „אַזוי ווי מײַן מאַטעריאַל אין דעם ענין איז מיט אַ כוונה אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין אַרכיוו און קיין אויספאָרשונג איז נישט געמאַכט געוואָרן, האָב איך זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע".

פון שאַצקיס אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ער האָט צוגעשיקט זלמן רייזענען אין 1922 פאַר דעם לעקסיקאָן.

## זיין אָנקומען קיין אַמעריקע.

סוף 1922 איז ער געקומען קיין אַמעריקע. ער איז שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט ווי אַן אָנגעזעענער היסטאָריקער, וואָס האָט אין פּוילן אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע רײַע אַרבעטן וועגן ייִדישער געשיכטע, ליטעראַטור, טעאַטער, אָבער צו קיין שטענדיקן פּאָסטן ווי אַ שרײַבער און פאָרשער האָט ער זיך ניט געקענט דערשלאָגן און ער האָט געליטן דחקות אין דעם גרויסן רײַכן ניו יאָרק.

אין אַ בריוו צו ד"ר אַ מוקדוני. פון 24 יוני 1924, שרײַבט ער: „אפשר וואָלט איר זיך צונויפגערעדט נאָך אַמאָל מיט די בעלי בתים פון

„מאָרגן זשורנאַל״ — זיי זאָלן מיר געבן וועלכע עס איז אַרבעט — קען זײַן איבערזעצונגען אָדער בכלל „שוואַרצע צײַטונגס-אַרבעט״ — ווײַל איך בין מאַטעריעל יעצט אויף גרויסע צרות״ „דאָרטן״ (אין „פאָרווערטס״) איז אויסגעשלאָסן, ווײַל אַ טייל פון די מיטאַרבעטער זעען אײַן אין מיר אַ געפערלעכן קאָנקורענט און האָבן אַלץ געטאָן, איך זאָל גאָרנישט שרײַבן און זיי האָבן געפועלט״.

דעם 5טן יולי שרײַבט ער צו א. לעסינען:

...„איך שטיי בײַם הײַנטיקן טאָג פאַר אַ קאַטאַסטראָפע, וועגן וועלכן עס האָט זיך מיר אין מײַן לעבן ניט געחלומט. און דערצו נאָך אין אַמעריקע! מײַנע באַמיאונגען צו באַקומען אַרבעט ערגעץ אין אַ צײַטונג האָט אויך צו קיינע רעזולטאַטן ניט געבראַכט. אומעטום — צופיל מענטשן. די טויערן פאַרשלאָסן. איך טראַכט זייער צו פאָרן קיין אייראָפּע — אויף דעם דאַרף מען האָבן געלט.

...דאָ פיל איך אויסער דער עקאָנאָמישער ירידה אויך די גײַסטיקע. שאַפן, שטודירן, פאָרשן, אַז איך, אַז אויב איך וועל טראַכטן וועגן מײַן גורל מאָרגן, קען איך משוגע ווערן. איך מוז זיך ראַטעווען. די איינציקע האָפענונג איז יעצט דער „פאָרווערטס״. דער „קייסער״ איז נישטאָ [געמיינט אב. קאַהאַנען, דעם רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״, וואָס איז דעמאָלט געווען אין אייראָפּע] אפשר וועט זיך מיר אײַנגעבן דורך דער צײַט פון זײַן אָפּוועזנהײַט — צו שרײַבן. איך בין זיכער, אַז איר וואָלט מיר געקענט אין דעם פּרט אַ סך העלפן, ווען איר וואָלט געזאָגט אָדער אָנגעשריבן אַ פּאָר ווערטער צו ראַגאָפן אָדער צו וולאַדעקן, ווען איך וואָלט געקענט האָבן דורכן זומער איין אַרטיקל אַ וואָך — דאַן וואָלט שוין די לאַגע אויסגעזען אַנדערש״.

וועגן שאַצקיס לאַגע און געמיט-צושטאַנד אין יענער צײַט שרײַבט אויך זײַן פרוי אידאַ שאַצקי אין איר אַרטיקל „אַזוי איז עס געווען״: אין די קריזיס-יאָרן איז געוואָרן אוממעגלעך צו קריגן אַרבעט. „ביז 1929 האָט שאַצקי נישט געהאַט קיין שטענדיקע שטעלע און נישט קיין געזיכערטן אײַנקונפט״.

וועגן די ערשטע יאָרן פון שאַצקיס זײַן אין אַמעריקע שרײַבן זײַנע תלמידים (משה שטאַרקמאַן און יחזקאל ליפשיץ), ווי אויך זײַן מיטאַרבעטער אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ייוואָ — לייבוש לעהרער.

שאַצקי איז געווען אַ לערער אין די פאַרשיידענע יידישע סעמינאַרן, לערער־קורסן, אין עטלעכע מיטל שולן און אין טעאַטער־סטודיאַ ביים „טעאַליט״, ווי אַ לעקטאָר וועגן דער געשיכטע פון טעאַטער.

ער האָט אָרגאַניזירט ביי זיך אין הויז אַ גרופּע תּלמידים אין אַ ספּעציעלן סעמינאַר פאַר געשיכטע. די גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון 10 יונגע לייט און מיידלעך, וואָס פלעגן זיך צונויפקומען אין די שבת צונאַכטן אין 1925, און פלעגן פאָרלייען די אַרבעטן, וואָס יעדער מיטגליד האָט געגרייט, און שפּעטער פירן וויכּוחים וועגן די באַארבעטע טעמעס. ווי אַ לערער האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טיפער ערודיציע, מיט זיין אינטערעסאַנטן אופן פון מסביר זיין און געבן צו פאַרשטיין מיט פּשוטע ווערטער די קאָמפּליצירסטע ענינים, און מיט זיין וווּנדערלעכער באַציאונג צום תּלמיד און סטודענט. זיי האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט און געהאַט פאַר אים דעם גרעסטן דרך ארץ.

## זיין אַרבעט פאַרן ייוואָ

זינט עס איז אין ווילנע געשאַפן געוואָרן דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט — ייוואָ —, איז שאַצקי געוואָרן זיין געטריישטער מיטאַרבעטער און שטיצער. אין משך פון פולע 30 יאָר ביז זיין פריצייטיקן טויט אין 1956 איז שאַצקי געווען פאַרבונדן מיטן ייוואָ ווי אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער און די וויסנשאַפטלעכע פּובליקאַציעס (פילאָלאָגישע און היסטאָרישע שריפטן, ייוואָ־בלעטער) וווּ ער האָט פאַרעפנטלעכט צענדליקער רעפעראַטן, פאַרשונגען און רעצענזיעס איבער וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט זעלבשטענדיקע ווערק, פול מיט חריפות און ערודיציע וועגן די באַהאַנדלטע ביכער, צ.ב. זיין רעצעזיע אויף דר. נ.מ. געלבערס בוך: „יידן אין דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין יאָר 1863״ — 45 זייטן גרויסער דרוק־פאָרמאַט אין ערשטן באַנד היסטאָרישע שריפטן פון ייוואָ; אויף דר. יצחק שיפּערס „יידן אין פּוילישן אויפשטאַנד פון 1831״ — 34 זייטן אין צווייטן באַנד היסטאָרישע שריפטן. — און זיין רעצעזיע אויף פּראָפעסאָר סאַלאָ באַראָנס מאָנומענטאַלן ווערק „די יידישע קהילה״ — 73 זייטן אין פיר נומערן פון ייוואָ־בלעטער, 1944, און צענדליקער אָפּהאַנדלונגען וועגן 27 יזכור־ביכער פון יידישע קהילות, וואָס זיינען

חרוב געוואָרן בעת דעם דריטן חורבן, — ייוואָ־בלעטער פון 1955 און 1956.

פּראָפעסאָר ס. באַראָן שרײַבט אין זײַן קאָנדאָלענץ וועגן שאַצקי (ייוואָ־בלעטער 1956), אַז „ער, באַראָן, איז געווען איינער פון אַ גרויסער צאָל מחברים וואָס האָבן אַ סך געלערנט פון שאַצקיס רעצעזיעס, גאָר באַזונדערס פון זײַן רעצענזיע וועגן מײַן „דזשואיש קאָמיוניטי", וואָס איז אַ זעלבשטענדיקע אַרבעט פאַר זיך".

* * *

חוץ זײַן באַטייליקונג אין די וויסנשאַפטלעכע פּובליקאַציעס פון ייוואָ איז שאַצקי געווען דער טיכטיקסטער, ענערגישסטער אָרגאַניזאַטאָר פון ייוואָ אין אַמעריקע און זאַמלער פון מאַטעריעלע מיטלען און וויכטיקע דאָקומענטן פאַרן ייוואָ אין ווילנע.

ו. ליפשיץ, שאַצקיס תלמיד און זײַן פרײַנד זינט 1924 דערציילט אין זײַן אַרבעט „ד"ר יעקב שאַצקי ווי איך האָב אים געקענט", אַז מען קאָן אָן גוזמא זאָגן, אַז אין די לעצטע 31 יאָר (1925־1956) איז זעלטן געווען אַ טאָג — אפילו במשך די חדשים, וואָס ער איז געשטאַנען אַביסל פון דער ווײַטנס פון ייוואָ — ער זאָל ניט האָבן עפּעס געטאָן פאַר דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

„אין זײַן הויז איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג צו שאַפן דעם אַמעריקאַנער צווײַג: אין זײַן הויז איז אָרגאַניזירט געוואָרן די רעדאַקציע פון דעם „פּנקס"; ער איז געווען דער ערשטער סעקרעטאַר און כמעט דער איינציקער געלטזאַמלער פון דעם אַמעריקאַנער אָפּטייל פאַרן צענטער אין ווילנע און זײַן לעצט בריוול פון שפּיטאָל, אַ טאָג פאַר זײַן טויט, איז געווען צום ייוואָ און וועגן אַ ייוואָ־ענין".

ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער וויסנשאַפטלעכער קאָלעגיע, פון דער פאַרוואַלטונג, פון דירעקטאָרן־ראַט, ראַטגעבער פון אַ רײַע פּראָיעקטן און אָפטער אַן אַנגעלייגטער רעדנער פון און פאַרן ייוואָ בײַ פײַערלעכע און יומטובדיקע אונטערנעמונגען און קאָנפערענצן".

## אין דעם פּסיכיאַטרישן אינסטיטוט

1929 איז ער דורך אַ רעקאָמענדאַציע פון זײַנעם אַ פרײַנד, וואָס האָט געאַרבעט ווי אַ באַקטעריאָלאָג אין דעם ניו יאָרקער פּסיכיאַטרישן

אינסטיטוט, אָנגעקומען אַלס ביבליאָטעקאַר אין דעם אינסטיטוט. די ערשטע עטלעכע יאָר האָט ער שטאַרק געליטן, ווײַל ער האָט געשטרעבט צו אַרבעטן אין אַ גרויסער ביבליאָטעק און ניט אין אַ קליינער אינסטיטוציע פון אַ ספּעציאַליזירטן כאַראַקטער, ווי אַ מעדיצינישע קליינע ביכער־זאַמלונג. ער האָט אָבער אָנגענומען די שטעלע, ווײַל ער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, זײַן מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ פאַרצווייפלטע. אָבער ער האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם נײַעם פעלד און אין דער אַרבעט פון דער ביבליאָטעק, אַז ער איז געוואָרן אַ גרויסער מומחה אויף דעם געביט און די קליינע ביבליאָטעק איז אַ דאַנק אים געוואָרן איינע פון די באַרימטסטע אין דער וועלט צוליב די נײַע וויכטיקע זאַמלונגען וועגן פּסיכיאַטריע און אַפילו גאַנצע ביבליאָטעק, ווי די ביבליאָטעק פון זיגמונד פרוידן.

ער האָט אויך צוזאַמען מיט דר. לעלאַנד הינזי, פּראָפעסאָר פון פּסיכיאַטריע אין קאָלאָמביע אוניווערסיטעט, צונויפגעשטעלט אויף ענגליש „דאָס פּסיכיאַטרישע ווערטערבוך מיט ענציקלאָפּעדישע באַהאַנדלונג פון מאָדערנער טערמינאָלאָגיע". „דאָס איז אַ ווערטפול אינפאָרמאַציע־ווערק, ניט בלויז אַ ווערטערבוך, נאָר אויך אַ מין טעקסטבוך פון ענציקלאָפּעדישער באַדײַטונג, אָן וועלכן יעדער פּסיכיאַטער קאָן זיך ניט באַגיין" (ד"ר אַנדרעי ב. קאַלאַרד).

## שאַצקיס וויסנשאַפטלעכע ווערק

די הויפּט־פאַראינטערעסירונג און פאָרשונג־געביט פון שאַצקין איז געווען וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן, אוקראַינע און ליטע, אָבער ער איז געווען אַן ערודיט אין אַלע פּראָבלעמען פון דער ייִדישער קולטור, ווי ליטעראַטור, — די אַלטע און מאָדערנע — טעאַטער און און קונסט, ווי אויך פאָרשונג וועגן שפּינאָזע און זײַן סביבה; זײַן אינטעלעקטועלע פאַראינטערעסירונגען זײַנען געווען זייער ברייטע. די שאַצקי־ביבליאָגראַפיע וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון מרדכי קאָסאָווער און מנשה אונגאַר נעמט אַרום שאַצקיס אַרבעטן פון 1913 ביז סוף 1939 און זײַנען כולל נישט ווייניקער ווי 580, אָבער זינט 1939, אין די לעצטע 17 יאָר פון זײַן לעבן האָט ער אַרויסגעגעבן אַ רײַע אַנדערע וויסנשאַפטלעכע ווערק און אָפּהאַנדלונגען, רעצענזיעס און אַרטיקלען וואָס גייען אַרײַן אין דער ביבליאָגראַפיע פון זײַנע אַרבעטן אין

פאַרשיידענע שפּראַכן (איבערהויפּט אין יידיש), נעמען אַרום 267 איינסן, צונויפגעשטעלט פון א.ר. מלאכי אין שאַצקי־בוך.

מען קאָן רעכענען די אַלגעמיינע סומע פון זיינע אַלע געדרוקטע אַרבעטן אויף וויניקסטנס טויזנט אָדער אפשר מער (דר. פּ. פרידמאַן).

## געדרוקטע גרעסערע ווערק פון דר. י. שאַצקי

1. יידישע בילדונגס־פּאָליטיק אין פּוילן אין די יאָרן 1806־1866.
2. די יידן־פראַגע אין קעניגרייך פּוילן אין דער תקופה פון פּאַסקעוויטשן 1831־1863.
3. די געשיכטע פון די יידן אין פּוילן אין די יאָרן 1772־1914 — אין דעם זאַמלבוך „די יידן אין פּוילן פון די עלטסטע צייטן ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה" (ניו יאָרק 1946).
4. קולטור־געשיכטע פון דער השכלה אין ליטע.
5. אין שאָטן פון עבר.
6. אַן אַריינפיר אין קאָמענטאַר צו דער באַקאַנטער כראָניק וועגן גזירות ת"ח ות"ט פון נתן נטע האַנאָווער יון (יאָווין) מצולה (ווילנע 1938).
7. געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע באַנד 1.
8. געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע באַנד 2.
9. געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע באַנד 3.

ער האָט שוין אָנגעזאַמלט אַ סך מאַטעריאַל פאַרן פערטן באַנד, וואָס ער האָט געגרייט אָנשרייבן.

10. אליהו בחור — 400 יאָר נאָך זיין טויט 1549־1949 — בוענאָס איירעס 1925.
11. יידישע יישובים אין לאַטיין־אַמעריקע, בוענאָס איירעס 1952.

די אַלע ביכער האָט ער געשריבן אויפן סמך פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וואָס ער האָט געזאַמלט אין די אַרכיוון פון קראָקע, וואַרשע און אין די אַמעריקאַנער אַרכיוו אין משך פון אַ סך יאָרן.

12. ברוך ספּינאָזאַ און זיין סביבה (1927).
13. דאָס פּסיכיאַטרישע ווערטערבוך (צוזאַמען מיט ד"ר הינזי. ענגליש).
14. ביאָגראַפישע הקדמה און רעדאַקציע עמנואל רינגעלבלומס „קאַפּיטלען געשיכטע פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין פּוילן.

זײַן אַרײַנפּיר צו יָון מצולה פֿון נתן נטע האַנאָווער האָט אַרויסגערופֿן אַ לײַדנשאַפֿטלעכע דעבאַטע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער פֿראַגע צי די ייִדישע אַרענדאַרן אין די שטעט און דערפֿער פֿון אוקראַינע האָבן געהאַלטן אין אַרענדע צי פּראַוואָסלאַוונע קלויסטערס, אַז זיי האָבן געהאַט די שליסלען און די אוקראַינישע פּויערים האָבן געמוזט באַצאָלן דעם אַרענדאַר פֿאַר עפֿענען די טיר פֿון קלויסטער, כּדי צו דורכפֿירן אַ חתונה אָדער „קריסטלען" די נײַע געבאָרענע קינדער.

שאַצקי האָט דערוויזן מיט אָפֿיציעלע דאָקומענטן און עדות זאָגן פֿון די מיטצײַטלערס פֿון 1648, אַז דאָס איז געווען אַ לעגאַלע געשעפֿטלעכע טראַנסאַקציע, און אַז די פּאַגראָמען אויף די ייִדן אין כמעלניצקיס צײַטן זײַנען אַ רעזולטאַט פֿון דער פֿאַרשקלאַפֿונג און אונטערדריקונג פֿון די פּויערים מצד די פּוילישע מאַגנאַטן און זייערע משרתים, צווישן וועלכע עס זײַנען אויך געווען די ייִדישע אַרענדאַטאָרן אין די אוקראַינישע דערפֿער.

ער האָט געהאַלטן, אַז צוליב דער אָביעקטיווער היסטאָרישער פֿאָרשונג דאַרף מען ניט באַהאַלטן דעם פֿאַקט, אַז די ייִדן אין אוקראַינע זײַנען געווען אונטערגעוואָרפֿן דעם פּוילישן פּריץ און זיי האָבן געמוזט טאָן, וואָס מ'האָט זיי באַפֿוילן, אַפֿילו ווען דאָס איז געווען לרעה דער אוקראַינישער מאַסע, ווײַל אַזאַ איז געווען די באַציונג פֿון די פּוילישע מאַגנאַטן צו די אוקראַינישע פּויערים.

שאַצקיס קעגנער האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער האָט געשריבן זײַן ווערק אין פֿאַרבינדונג מיט די פּאָגראָמען אויף ייִדן אין 1648־1649, וואָס האָט געקאָנט שאַפֿן דעם אײַנדרוק, אַז די ייִדן זײַנען שולדיק אין דער פֿאַרשקלאַפֿונג פֿון די אוקראַינישע פּויערים און אַז די מאַסן־פּאָגראָמען, ווו עס זײַנען אומגעקומען כּמעט די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון אוקראַינע, איז געקומען אויף זיי ווי אַ שטראָף פֿאַר זייערע מעשׂים.

אין דער ייִדישער פּובליציסטיק פֿון אַמעריקע איז מען אויך אַרויסגעטראָטן קעגן שאַצקיס פּוילישן פּאַטריאָטיזם און זײַן פֿאַר־הערלעכונג פֿון די פּוילישע לעגיאָנען, ווען מ'האָט געוווּסט אין אַמעריקע וועגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פֿון דער נײַ־אויפֿגעקו־מענער פּוילישער רעגירונג און די שענדלעכע ראָליע פֿון דער פּויליש־ער באַפֿעלקערונג לגבי די ייִדן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דעם בוך פון 380 זײַטן איז פֿאַראַן אַן אָפּטיילונג פון קרוב 100 זײַטן (227־234) 8 עסייען און רעפעראַטן פון יעקב שאַצקי: פּראָבלעמען פון ייִדישער היסטאָרישער פאָרשונג; פּראָבלעמען פון ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע; וועגן אַ פּראָבלעם אין דער געשיכטע פון ייִדן אין אוקראַינע; עניין ייִדן אין אוקראַינע; די פּראָבלעם פון צוגרייטן דעם מאַטעריאַל פאַרן פּינקס הקהילות; אידעאָלאָגיעס און שטימונגען פון שפּאַנישן ייִדנטום נאָכן גירוש (1492).

פינף און צוואַנציק יאָר ייוואָ; ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע.

דאָס זײַנען רעפעראַטן, וואָס שאַצקי האָט געהאַלטן בײַ פאַרשיידענע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן, און זײַנען געדרוקט געוועזן אין ליטעראַרישע זשורנאַלן. די צוויי אַרטיקלען וועגן די ייִדן אין אוקראַינע זײַנען וועגן שאַצקיס הקדמה אויף נתן נטעס ייִדישע איבערזעצונג פון יון מצולה וועגן כמעלניצקיס אויפשטאַנד און די פּאָגראָמען אויף ייִדן אין אוקראַינע אין 1648־9 (גזירות ת״ח ות״ט) און די שאַרפע קריטיק פון שאַצקיס שטעלונג וועגן דער ראָליע פון די ייִדישע אַרענדאַרן אין יענער צײַט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון י. ש. הערץ אין זײַן בוך „די ייִדן אין אוקראַינע״. שאַצקי פאַרטיידיקט זײַן מיינונג און דערווײַזט, אַז אַ היסטאָריקער דאַרף באַשרײַבן דעם אמת זיך שטיצנדיק אויף די מקורים, הגם געוויסע געזעלשאַפטלעכע שיכטן ווערן געשילדערט אין אַ ניט אָנגענעמענע ליכט. ער שטיצט זיך אויף היסטאָרישע קוועלעס, אַז די ייִדן האָבן אַרענדירט די פּראַוואָסלאַוונע צערקוועס, ווײַל דאָס איז געווען אַ קאָמערציעלע אונטערנעמונג און דאָס איז געווען אַ נאָרמאַלע דערשײַנונג סײַ אין מערב־אייראָפּע, סײַ אין אוקראַינע.

אין דעם עסיי אידעאָלאָגיעס און שטימונגען... באַווײַזט שַצקי אויפן סמך פון היסטאָרישע דאָקומענטן און ליטעראַרישע ווערק פון 15טן יאָרהונדערט די גרויסע השפּעה פון די מאַראַנען, וועלכע זײַנען פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, אויף די מערב אייראָפּעאישע מלוכות, וואָס האָבן געפירט אַ פּאָליטישן קאַמף מיט שפּאַניע, די וויכטיקסטע קאַטוילישע מלוכה, וואָס איז גע־ווען דער שטאַרקסטער שטיצפּונקט פון דער אינקוויזיציע, און די פאַרטריבענע און גערודפטע מאַראַנען, וואָס האָבן פאַרמאָגט גרויסע רײַכטימער האָבן אויסגענוצט זייער ווירקונג צו באַקעמפן פּאָליטיש און

פינאַנציעל זייער געוועזענע „פּאַטער־לענדער״. זיי האָבן אויך אויסגענוצט זייער פאַרבינדונג מיט טערקײַ, וואָס האָט געפירט אַ שאַרפן קאַמף מיט די אייראָפּעישע קאַטוילישע לענדער.

אין די עסייען און רעפעראַטן זעען מיר שאַצקין ווי אַ שאַרפן פּאָליטיקער און אַ גרויסער בקיא אין אַלע פראַגעס, וואָס איז נוגע דער געשיכטע פון די ייִדן אין פאַרשיידענע לענדער און תקופות.

## שאַצקי דער לעקטאָר

שאַצקי איז געווען אַן אויסגעצייכנטער לעקטאָר. צו זײַנע לעקציעס פלעגט מען קומען, ניט כדי צו הערן אַ שרײַבער פון אויסלאַנד, ווײַל מ׳קאָן אים ניט פאַרשעמען און „עס פּאַסט ניט״, נייערט צו הערן שאַצקין פלעגט מען קומען מיט פאַרגעניגן. ער פלעגט צוציען דעם עולם און די שטאַטישע אינטעליגענץ, ווײַל מ׳פלעגט הערן פון אים אַ נײַ וואָרט, געגעבן אין אַ אינטערסאַנטער און צוציענדיקער פאָרם. זײַנע וויסנשאַפטלעכע פאָרטראַגן וועגן ייִדישער געשיכטע, ליטעראַטור, טעאַטער, פילאָזאָפיע און וועלט־ליטעראַטור פלעגט ער באַווירצן מיט ווערטלעך און אַנעקדאָטן, וואָס פלעגן באַלעבן אַ פאַרטיפטן, קאָמפּליצירטן ענין.

חוץ אין די וויכטיקסטע צענטערס פון דעם ייִדישן ישוב אין אַמעריקע, האָט ער באַזוכט אייראָפּע און די גרעסערע שטעט פון צענטראַל און דרום אַמעריקע (מעקסיקע, קובאַ, אַרגענטינע (3 מאָל), בראַזיל, דרום־אַפריקע. ער איז געוואָרן פאַרבעטן אין די לענדער כדי צו האַלטן לעקציעס און דורכפירן געלט־קאַמפּאַניעס פאַרן ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ייִוואָ — ווילנער צענטער און ניו יאָרק.

זײַנע רעפעראַטן פלעגן זײַן באַזוכט פון מאַסן ייִדן פון פאַרשיידענע שיכטן, און די אַרטיקע ייִדישע און אַלגעמיינע פרעסע פלעגט זײַנע באַזוכן באַצייכענען ווי וויכטיקע קולטור־געשעענישן אין די שטעט, וואָס פלעגן איבערלאָזן אַ דויערנדיקן רושם.

אַ גאַנץ אָפטער גאַסט איז ער געווען אין מאָנטרעאָל זינט 1928.

כדי אילוסטרירן זײַן פאַרשיידנאַרטיקע אינטעלעקטועלע פאַראינטערעסירונג גיבן מיר אַ מוסטער פון טעמעס וואָס שאַצקי האָט

צוגעשיקט דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק — איינציקע רעפּעראַטן און ציקל־לעקציעס און סעמינאַרן.

דעם לעצטן מאָל איז ער געווען דער גאַסט־לעקטאָר פון דער ביבליאָטעק אויף דעם פאָלקס־פעסטיוואַל פון דער יידישער קולטור לכבוד דער דערעפענונג פון דעם נייעם בנין פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק, אין אָקטאָבער 1953 אויף דער טעמע „וועגן יידישע ביבליאָטעקן אין דער וועלט".

דאָס איז געווען אַן אינטערעסאַנטער רעפּעראַט, ווו ער האָט אַרויסגעוויזן זיין טיפע און אַלזייטיקע ערודיציע וועגן דעם יידישן בוך אין די גרויסע ביבליאָטעקן פון אייראָפּע און אַמעריקע.

די וואָס האָבן געהערט זיינע רעפּעראַטן וועגן געשיכטע און אַלגעמיינע קולטור־פּראָבלעמען קענען ניט פאַרגעסן דעם גרויסן גייסטיקן נחת רוח ביז היינטיקן טאָג.

## טעמעס פון דר. יעקב שאַצקי

### יובילײ טעמעס:

1. ברוך ספּינאָזאַ, זיין לעבן און פילאָזאָפיע.
2. די סאָציאַלע אידעען פון לעוו טאָלסטאָי.
3. זשאַרזש סאַן — די באַרימטע שריפטשטעלערין און קעמפערין פאַר פרויען עמאַנציפּאַציע.
4. מאַקיאַוועלי — דער פאָטער פון דער מאָדערנער דיפּלאָמאַטיע.
5. היינריך היינע און דער סאָציאַליזם פון זיין צייט.
6. ראָמעין ראָלאַן — דער שרייבער־הומאַניסט.

### קולטור־פראַגן:

1. פאַרוואָס האָבן מענטשן ליב טעאַטער ?
2. אינטעליגענץ און בילדונג.
3. וואָס איז אַזוינס יידישע קולטור ?
4. וואָס לערנט אונז די יידישע געשיכטע ?

**ליטעראַטור:**

1. שונד און ליטעראַטור.
2. וואָס איז אַזוינס פוטוריזם?
3. וואָס דאַרף מען לעזען און ווי אַזוי?
4. שלום עליכם׳ס הומאָר.
5. מאָראַליש און אומאָראַליש אין דער ליטעראַטור און קונסט.

**געשיכטע:**

1. די געשיכטע פון טעאַטער (פון יידישן און פון אַלגעמיינעם) אין סעריעס אָדער באַזונדערע עפּאָכן — לויט דעם ווונטש פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון די לעקציעס.
2. געשיכטע פון אידען — אין סעריעס אָדער באַזונדערע עפּאָכן — לויט דעם ווונטש פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון די לעקציעס.
3. געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור — אין סעריעס אָדער עפּאָכן — לויט דעם ווונטש פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון די לעקציעס.
4. געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג (לויט לענדער).

---



---

פון די בריוו וועגן זײַנע באַזוכן אין קאַנאַדע, דרוקן מיר איבער איין בריוו צו יוסף אָפּאַטאָשו וועגן זײַן באַזוך אין אַ קליין שטעטל פון קאַנאַדע — לאָנדאָן און דער פּראָווינץ אָנטעריאָ, ווײַל דער בריוו איז פון אַ באַזונדערן אינטערעס וועגן אַ ייִדיש קולטור־טוער אין אַ קליין שטעטל אין 1942.

## צו יוסף אָפּאַטאָשון

[קאַנאַדע] דעצעמבער 5, 1942.

ליבער אָפּאַטאָשו!

גאָר אומדערוואַרט קומט מיר אויס צו שרײַבן צו אײַך. הגם איך בין זייער פאַרנומען, דאָך האָב איך געפילט, אַז דאָס וואָס האָט פּאַסירט נעכטן בײַ דער נאַכט מיט מיר אין אַ שטעטל אין קאַנאַדע, איז אַזוי אינטערעסאַנט פאַר אײַך, אַז איך וויל טאַקע תיכּף און באַלד אײַך וועגן דעם שרײַבן.

געוועזן בין איך אין אַ שטעטל לאָנדאָן. מען האָט מיך פאַרבעטן אויף אַ לעקציע צום עונג־שבת. סך־הכל ציילט דאָס שטעטעלע 150 משפּחות, אײַנגעשלאָסן די אַזוי גערופענע יאַהודים.

ווי עס פּירט זיך אין אַזעלכע שטעטלעך, איז פאַראַן אַ יחיד, אַ ייִדישער קולטור־טרעגער, אַט יענער טיפּ, וואָס איז נישט איין מאָל שוין געווען אַן אָביעקט פון קיבעצן מצד דעם ייִדישן שרײַבער.

דער דאָזיקער ייִד האָט מיר דערוואַרט אויפן באַן, גענומען אין האָטעל און פאַר דער לעקציע גענומען אַהיים אויף אַ שבתדיקע וועטשערע. דערזען אַ גרויסע משפּחה: עטלעכע זין, טעכטער און איידעמס, צוויי פון זיי זעלנער. אַ ייִדישע היימישע אַטמאָספערע, מיט שבתדיקע לײַכטער, מיט אַ רחבות אין עסן, ווי פּוילישע ייִדן האָבן דאָס ליב.

נאָכן עסן האָט ער אַלעמען אײַנגעלאַדן אין אַ צימער, ווו עס איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש, באַדעקט מיט אַ ווײַסן טישטעך. די גאַנצע משפּחה האָט פאַרנומען פּלעצער, לויט אַזאַ סדר, אַז עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז דאָס איז געווען רעזשיסירט. פאַר מיר איז געווען אַ שטול אויבן אָן. דער בעל־הבית גופא האָט זיך אַ ווײַל אַנטשולדיקט און איז באַלד געקומען צוריק מיט אַ גרויסן בוך מיט צײַטונג־אויסשניטן.

קודם־כל האָט ער אָנגעפאַנגען פון אַ הקדמה, כדי ערקלערן מיר,

אַז בײַ אים איז פון כמה יאָרן אַזוי אײַנגעפּירט, אַז יעדן פרײַטיק נאָכן עסן, לייענט ער פאַר פאַר זײַן ווײַב און קינדער „די פּערלען פון דער יידישער ליטעראַטור, כדי זיי זאָלן נישט ווערן אָפּגעפרעמדט פון יידישן פאָלק". (זײַנע ווערטער).

ער עפנט אויף אַ בלאַט פון „קליפּינג"־בוך און איך זיץ און גלייב זיך קוים. ער לייענט (און דווקא זייער גוט) אײַער דערציילונג „מיזרח־בלומען". ער לייענט און קוקט אויף מיר מיט ממש אַ מיסטישן בליק. עס ווערט אַ ביסל שווער אויפן האַרצן און גלײַכצײַטיק אויך גוט. איך וויל זיך פאַרטראַכטן אין דעם וואָס דאָ קומט פאָר: איז דאָס אַ צופאַל, אָדער איז דאָס מיט אַ כיוון.

ווען ער האָט געענדיקט לייענען (די משפחה פאַרשטייט יידיש און אַלע רעדן אויסגעצייכנט), האָט ער אַזוי געזאָגט:

— קינדער, הײַנט געפינט זיך בײַ מיר אליהו הנביא. מײַן אורח איז דער מאַן, וואָס ווערט באַשריבן אין דער מעשה.

איך האָב געוואָלט עפּעס פרעגן, נאָר די צונג האָט זיך ממש נישט גערירט.

עס איז נאָך געבליבן אַ ביסל צײַט צו גיין צו דעם עונג־שבת, האָט דער בעל־הבית מיר גענומען אין זײַן ביבליאָטעק־צימער. אין דעם דאָזיקן צימער האָט מיך נישט אַזוי איבערראַשט די באמת שיינע יידישע ביבליאָטעק פון 600 בענד, נאָר דווקא אײַער פּאָרטרעט מיט אַן אויטאָגראַף אין אַ פּרעכטיקן ראַם, אַ בילד, וואָס איך האָב קיין מאָל אין מײַן לעבן נישט געזען. ווען איך האָב אים געפרעגט, ווי קומט צו אים דאָס דאָזיקע בילד מיט דעם אויטאָגראַף, האָט דער בעל־הבית מיר געזאָגט, אַז ער האָט עס געקויפט אין ניו־יאָרק מיט אַ 20 יאָר צוריק. ווען עס איז געקומען צו רעדן וועגן דעם, ווי אַזוי איז אים אײַנגעפאַלן דווקא הײַנט לייענען אײַער דערציילונג „מיזרח־בלומען", האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער לייענט פאַר זייער אַ סך דווקא פון אײַערע דערציילונגען. אַגב, שפּעטער (אויפן עונג־שבת), האָט ער אויך פאָרגעלייענט אײַערע אַ דערציילונג וועגן אימבערן, וואָס מען האָט אים פאַרבעטן אויסלעשן ליכט און געגעבן אַ טרינק בראָנפן. אַ דערציילונג, וואָס איז, ווײַזט אויס, אין דעם קלוב „עונג־שבת" זייער פּאָפּולער, ווײַל ער האָט געפרעגט בײַם עולם, וואָס זאָל ער לייענען, האָבן זיי געבעטן דווקא די דאָזיקע מעשה.

ער האָט מיר ווײַטער דערציילט, אַז די „מיזרח־בלומען״ געפעלן אים זייער שטאַרק צוליב אַ סך טעמים (ער איז אַ וואַרשעווער גופא) — איידער איך בין געקומען האָט ער אָנגעהויבן „שטודירן״ (זײַן וואָרט) מײַן ביאָגראַפיע אין רייזענס לעקסיקאָן, ווײַל ווי אַ פאַרזיצער האָט ער געוואָלט וויסן, וואָס צו זאָגן וועגן מיר. בעת לייענען איז געוואָרן איבערראַשט, ווײַל ער האָט „דערשמעקט״ (זײַנס אַ וואָרט) אַז לאַסקי פון „מיזרח־בלומען״ [1] דאָס איז שאַצקי פון רייזענס לעקסיקאָן (ווײַטער זײַנע ווערטער).

אַזאַ גליק האָט ער נישט דערוואַרט. פאַר אים איז דאָס געווען די גרעסטע איבערראַשונג. ער האָט מיר אָנגעהויבן ממש אַרומטאַפּן. בפרט אַז איך האָב צוגעגעבן אַז עס איז „טײַלוויִזן״ געשריבן פון מײַן לעבן. ער איז געוואָרן אַזוי יום־טובדיק, אַז זײַן „ספּיטש״, ווי אַ פאַרזיצער בײַם עונג־שבת, איז געפאַלן אַ קרבן פון זײַן ענטוזיאַזם. ער האָט פאַרענדיקן זײַן רעדע אַז געבענטשט זאָל זײַן דער טאָג, ווען דאָס האָט פּאַסירט, אַ מין וועלטלעכע שחיינו. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקענט אײַנשלאָפן. באַלד אין דער פרי איז דער ייִד געקומען צו מיר אין האָטעל, גענומען אין זײַן געשעפט (אַ שניט־קראָם) און האָט געזאָגט:

— פאַר דעם גרויסן גליק פון האָבן אײַך אַ לעבעדיקן טוט מיר אַ טובה און קלײַבט זיך אויס צום אָנדענק וואָס איר ווילט.

וואָס איך האָב אויסגעקליבן וועט איר זען אויף מײַן האַלדז, אַז כ׳וועל קומען צוריק אַהיים.

גריסט אַדעלן און דודן,

אײַער שאַצקי.

אויב איר האָט חשק צו ענטפערן איז טוט עס באַלד, ווײַל איך בלײַב אין טאָראָנטאָ ביזן 12[טן] דעצעמבער, ד״ה נאָך אַ פולע וואָך.
הנ״ל.

---

1) „מיזרח־בלומען״ איז דערשינען אין ניו־יאָרקער „טאָג״, דעם 27סטן יולי, 1941.



# פון דעם ווערק

## אַן אינטעלעקטועלע און קולטור־געשיכטע
## פון דער מערב־וועלט

פון הערי עלמער בארנס אין 3 בענד

# דער וווקס פון טאָלעראַנץ און פרײַהײַט פון געדאַנק

(פאַרקירצט) איבערגעזעצט פון ענגליש.

## אַן אינטעלעקטועלע און קולטור־געשיכטע פון דער מערב־וועלט.

פון הערי עלמער באַרנס אין 3 בענד.

## AN INTELECTUAL and CULTURAL HISTORY of the WESTERN WORLD

By Hary Elmer Barnes in 3 volumes

Chapter 18, volume 2:
The Growth of Tolerance and Freedom of Thought

קאַפּיטל 18 פון באַנד 2:
פון רענעסאַנס ביז דעם 18טן יאָרהונדערט (פאַרקירצט)

1. אייניקע וויכטיקע סיבות פון אומטאָלעראַנץ.

דער מענטשלעכער מין איז פון שטענדיק אָן זייער אומטאָלעראַנט צו אַנדערשקײַטן און נײַקײַטן. אומצאָליקע טויזנטער זײַנען אומגעקומען פאַר דער צײַט, אָדער האָבן געליטן שרעקלעכע עינויים ווײַל זיי האָבן זיך דערוועגט צו טראַכטן אָדער צו טאָן אַנדערש ווי די מערהײַט. מען האָט שווער באַשטראָפט די ניט־קאָנפאָרמיסטן, דער גורל פון דער צווייפלער און פון דעם אפיקורס איז געווען האַרבער ווי דער גורל פון דעם פאַרברעכער.

שרעק און פוילקײַט זײַנען די וויכטיקסטע סיבות פון אומטאָלעראַנץ. דער פרימיטיווער מענטש האָט געגלויבט, אַז אַלע זײַנע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטלעכע מנהגים זײַנען אַנטפּלעקט און געשאַפן געוואָרן פון די געטער. עס איז בײַ אים אַ טיף אײַנגע־

וואָרצלטע מורא פאַר יעטוועדער אָפּווייכונג פון דעם רוטינעם מנהג. יעדער אָפּנייַגונג פון דעם אייַנגעשטעלטן לעבנס־שטייגער מצד אַ יחיד איז זייער געפערלעך, ווייַל דאָס וועט אייַנגעברענגען אין גרימצאָרן די געטלעכע כוחות און וועט פירן צו אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דעם כלל.

דעריבער זייַנען אייַנגעשטעלט געוואָרן טאַבוס[1]. דער יחיד טאָר ניט טאָן קיין שום זאַך, וואָס זאָל שטערן דער געטלעכער לייַטזעליקייַט, און די אייַנגעשטעלטע מנהגים פון דער גרופּע. דער וואָס פאַרשוועכט דעם טאַבו און טוט וואָס מ׳טאָר ניט ווערט שטרענג באַשטראָפט, ווייַל ער שטעלט אין סכנה די זיכערקייַט און דאָס גליק פון דער געזעלשאַפט. די גאַנצע סיסטעם פון דער פּרימיטיווער מענטשלעכער אָרגאַניזאַציע איז באַזירט אויף דעם שטרענגן אָפּהיטן פון אַלע פאַרהייליקטע געוואוינהייַטן.

די מורא פאַר ענדערונגען און נייַקייַטן איז פון דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער מאָדערנער ציוויליזירטער וועלט.

דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין אַרויפצווינגען דעם ווילן פון כלל אויפן יחיד איז דער אַזוי גערופענער סטאַדע־אינסטינקט. דער מענטש אַליין איז הילפלאָז און אומזיכער. די זיכערקייַט און דער פּראָגרעס פון דעם געזעלשאַפט איז ענג פאַרבונדן מיט דער בשותפותדיקער באַמיונג פון דער גרופּע. דעריבער מוז די געזעלשאַפטלעכע דיסציפּלין באַהערשן יעדער יחיד כדי צו פאַראייניקן דעם כלל און מאַכן אים אַרבעט־פעאיק.

כללים פון אויפפיר און פון טראַכטן ווערן אַרויפגעצוואונגען, און דער ניט פאָלגער ווערט שטרענג באַשטראָפט.

די דיסציפּלין, וואָס איז באמת נויטיק פאַרן קיום פון דער געזעלשאַפט, האָט אָבער געשטעלט אַ צו הויכן פּרייז פאַר איר אויספירן. דער באַנייַער און דער רעבעלירנדיקער יחיד איז אויף אַן אכזריותדיקן אופן באַזייַטיקט געוואָרן פונעם כלל.

אַ סטאַדע וועלף איז אומטאָלעראַנט צו אַ וואָלף, וואָס פירט זיך אויף אַנדערש פון אַלעמען. די סטאַדע ווערט גיך פּטור פון אים. אַ שבט פון קאַניבאַלן איז אומטאָלעראַנט צו איינעם וואָס קען מיט זייַנע מעשים

[1]) טאַבוס — מערצאָל פון טאַבו: פאַרווערט, פאַרבאָטן, הייליק, אומריין, מ׳טאָר ניט.

דערצערענען די געטער און ברענגען אַן אומגליק אויפן שבט. אַזאַ איינער ווערט פאַרטריבן אין דער וויסטעניש.

די גריכישע שטעט־מלוכות קענען זיך ניט דערלויבן צו האָבן אין זייערע הייליקע גרענעצן איינעם וואָס האָט די העזה צו צווייפלען אין די פונדאַמענטאַלע יסודות פון זייערע אָרגאַניזאַציע, און אין אַן אויסברוך פון אומטאָלעראַנץ ווערט אַזאַ יחיד געצוואונגען איינצונעמען סם[2]. די רוימער קענען ניט זיין זיכער מיט דער עקסיסטענץ פון זייער אימפּעריע אויב אַ קליינע גרופּע פאַנאַטיקער וויל ענדערן די איינפירונגען און געזעצן, וואָס ווערן באַטראַכט ווי אומפאַר־ענדערלעכע זינט די צייטן פון ראָמולוס[3] און זיי האַנדלען אומטאָלעראַנט[4].

די קריסטלעכע קירך איז זינט די ערשטע צייטן פון איר עקסיסטענץ אָפּהענגיק פון דער אַבסאָלוטער פאָלגעוודיקייט מצד אירע אָנהענגערס, און זי באַנוצט זיך מיט אויסערגעוויינלעכער אכזריות־דיקייט ביים אונטערדריקן די אַנדערש־טראַכטנדיקע. און אין אַ פּעריאָד פון היסטאָרישער שרעק זיינען אויך די אַמעריקאַנער פּעאיק אויך אַקטן פון אומטאָלעראַנץ, ווי מיר זעען דאָס דווקא אין דער לעצטער צייט.

אַ צווייטע סיבה פון אומטאָלעראַנץ איז פוילקייט. צו פירן זיך לויט דער איינגעשטעלטער טראַדיציע און לויט די דורותדיקע מנהגים איז נישט בלויז זיכערער, נייערט אויך גרינגער. עס איז לייכטער צו טראַכטן און צו טאָן אויף דעם אופן ווי מיר זיינען געוואוינט זינט אונדזערע קינדער־יאָרן. עס איז ביי אונדז געוואָרן אַזוי נאַטירלעך, אַז אַן אַנדער איינשטעלונג דוכט זיך אונדז צו זיין שווער און פּיינלעך נישט בלויז פּסיכאָלאָגיש, נאָר טיילווייז אויך פיזיאָלאָגיש. יעטוועדער ענדערונג און נייקייט רירט אָן די גאַנצע סכעמע פון אונדזער וועזן און צווינגט אונדז צו איבערשטעלן אונדזער גייסטיקן און קערפּערלעכן רעאַגירן אויף זאַכן און פּאַסירונגען קעגן וואָס אונדזער — אין תוך — שרעקוועדיקע נאַטור שטעלט אַ ווידערשטאַנד.

שרעק און פוילקייט זיינען דעריבער די הויפּט־סיבות פון

---

2) סאָקראַטעס פון אַטען.

3) דער לעגענדאַרער גרינדער פון דער שטאָט רוים.

4) די ברידער גראַקכוס, וואָס האָבן געוואָלט איינפירן רעפאָרמעס אין רוים אין 2טן י״ה פ.ק.ג. לטובת דעם פאָלק.

אומטאָלעראַנץ צו יעדער שינוי און נײַקײַט, און צווינגט אונדז צו האַסן דעם רעפאַרמאַטאָר פון עטישע און מאָראַלישע ווערטן, רעליגיע, פּאָליטיק, עקאָנאָמיק, געזעץ, בילדונג און קונסט.

אַזוי ווייסן מיר, אַז די פעאָדאַלע הערשערס זײַנען געווען אומטאָלעראַנץ און פײַנדלעך צו דעם אויפוואַקסנדיקן האַנדלס־קלאַס; דער נײַער מיטלקלאַס אָדער די בורזשואַזיע איז געוואָרן פײַנדלעך צו די אַרבעטער, און דער קאָנסערוואַטיווער טייל פון פּראָלעטאַרישן קלאַס איז קעגנעריש צום ראַדיקאַלן טייל.

די קאַטוילישע קירך איז געווען פײַנדלעך צו די לוטעראַנער און קאַלוויניסטן, וואָס האָבן באַדראָט (וואָס זײַנען געווען אַ סכנה פאַר דעם) די אייניקײַט פון דער קריסטלעכער רעליגיע. די פּראָטעסטאַנטן פון זייער זײַט זײַנען געווען אומטאָלעראַנט צו די נײַע סעקטעס וואָס זײַנען שפּעטער אויפגעקומען.

סײַ די קאַטאָליקן, סײַ די פּראָטעסטאַנטן זײַנען אומטאָלעראַנט צו די אַטעאיסטן און פריידענקערס. די גרויס־קאַפּיטאַליסטן זײַנען פײַנדלעך צו די פּראָפעסיאָנאַלע פאַראיינען (יוניאָנס).

2. די אומטאָלעראַנץ פון דער קאַטוילישער קירך.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז די פּרימיטיווע געזעלשאַפט איז בכלל געווען זייער אומטאָלעראַנט. נאָך שאַרפער איז געווען דער ווידערווילן צו נײַקײַט און ענדערונג אין דער מיליטעריש־רעליגיעזער קולטור פון דעם אַלטן אָריענט[5].

אין דער קלאַסישער געזעלשאַפט[6] האָט יאָ עקסיסטירט אַ געוויסע פרײַהײַט פון מיינונגען און אפילו האַנדלונגען, אָבער בלויז פאַר די געבילדעטע און פּריווילעגירטע קלאַסן. מיט דעם אויפקום פון קריסטנטום איז ווידער אַנטשטאַנען די אומטאָלעראַנץ צו אַנדערש־טראַכטנדיקע ענלעך צו די צײַטן פון אַלטן מזרח.

די קריסטלעכע קירך האָט צוגעגעבן אַ נײַעם מקור פון שרעק און אומצוטרוי. פאַר דער אַנטשטייאונג פון קריסטנטום האָט מען זיך ווייניק געקימערט וועגן יענער וועלט[7]. דער זינדיקער קעגן די געטער האָט

5) מצרים, אשור און בבל, אויך פּערסיע.

6) גריכנלאַנד און רוים.

7) חוץ אין אַלטן עגיפּטן.

געקענט ברענגען אַ צײַטווײַליקע מפּלה אויף זײַן סאָציאַלער גרופּע, אָבער מיט „יענער וועלט" האָט דאָס ווייניק געהאַט צו טאָן.

בײַ די קריסטן איז „דאָס לעבן" נאָך דעם קערפּערלעכן טויט געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע יסודות פון דער רעליגיע. אַן אומגליק אין ערדישן לעבן איז ווייניקער וויכטיק אין פאַרגלײַך מיט דער פּערספּעקטיוו פון זײַן פאַרשאָלטן אויף אייביק.

די קירך איז צוליב צוויי סיבות געווען קעגן יעטוועדער שינוי אין משך פון גאַנצן מיטלאַלטער: עס קען ברענגען צו אַ קאַטאַסטראָפע אויף דער וועלט און אַ טראַגעדיע אויף יענער וועלט. די אומטאָלעראַנץ פון דער מיטלאַלטערלעכער קאַטוילישער קירך האָט זיך באַזירט אויף צוויי יסודות — פּאָליטיש און רעליגיעז.

אין אַדמיניסטראַטיוון זינען האָט די קירכלעכע אָרגאַניזאַציע גענומען פאַר אַ מוסטער די סיסטעם פון דער רוימישער אימפּעריע. זי איז געוואָרן אַ נײַע און נאָך אַ גרעסערע אימפּעריע. די קירך איז געוואָרן דער וויכטיקסטער אינטערנאַציאָנאַלער שטאַט וואָס די וועלט האָט געקענט. אין אַלטערטום ביז די צײַטן פון דער בריטישער אימפּעריע אין 19ט"ה איז יעטוועדער סימן פון אַן אַרויסרוף צו איר אויטאָריטעט אין דער פאָרם פון אַפּיקורסות דעריבער געווען ניט בלויז אַ געפאַר איר רעליגיעזער דאָקטרין, נאָר אויך אַ פּאָליטישער פאַרראַט. דעריבער האָט זי מיט אַזאַ גרענעצלאָזער אומברחמנותדיקייט באַהאַנדלט די אַפּיקורסים.

וואָס איז שייך דעם רעליגיעזן אַספּעקט איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס די גײַסטלעכע זײַנען געווען אַזוי אומגעדולדיק ווען איינער האָט אָפּגעווייכט אויף איין אות פון דער קריסטלעכער דאָקטרין. דער אַפּיקורס, דער אומגלויביקער איז פאַרשאָלטן אויף אייביק, און וואָס לענגער ער איז פאַרעקשנט אין זײַן פאַלשער לערע, אַלץ גרעסער איז זײַן שטראָף אויף יענער וועלט, און אַלץ מער מענטשן קען ער פאַרשלעפּן מיט זיך אין גיהנום אַרײַן. דעריבער מוז מען וואָס פריער פּטור ווערן פון אים אויף אַ גרינדלעכן אופן. אפילו די וואָס האָבן חרטה געהאַט האָט די קירך אָפּט פאַרמשפּעט צום טויט.

די קרײַץ־צוגן זײַנען אין אַ געוויסער מאָס אַ באַווײַז פון דער קריסטלעכער אומטאָלעראַנץ לגבי אַנדערש־גלויביקע אין אַ גראַנדיעזן מאַסשטאַב. אָבער דער בולטער בײַשפּיל פון דער קאַטוילישער

אומטאָלעראַנץ אין מיטלאַלטער איז געווען די ברוטאַלע אויסראָטונג פון די אַלביגענזער[8] און די פּראָוואַנסאַלישע קולטור אין 13טן י״ה אין פראַנקרײַך.

אין שפּאַניע זײַנען די ייִדן און די מאַכמעדאַנער באַהאַנדלט געוואָרן מיט אויסערגעוויינלעכער ברוטאַלקײַט, און אַ סך טויזנטער זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן נאָך באַרבאַרישע פּײַניקונגען.

מיט דעם אויפקום פון דער פּראָטעסטיטאַנטישער באַוועגונג איז דער קאַטוילישער קירך צוגעקומען אַ נײַער שונא און אין אַ רײַ קאַטוילישע לענדער האָט מען גערודפט די פּראָטעסטאַנטן מיט ראַפינירטער אכזריות.

די שאַרפסטע בײַשפילן זײַנען: די באַרטאָלאָמייער נאַכט אין יאָר 1572, די 30 יאָריקע מלחמה[9] און די שחיטה פון די פּראָטעסטאַנטן נאָך דעם צוריקרופן פון דעם נאַנטער עדיקט אין פראַנקרײַך אין יאָר 1685[10].

דער הויפּט־אינסטרומענט פון דער קאַטוילישער קירך כדי אַרויפצוצווינגען אומטאָלעראַנץ איז געווען די אינקוויזיציע — אַן אַגענטור צו אויספאָרשן און באַשטראָפן די אומגלויביקע און די אפיקורסים.

די אינקוויזיציע איז געווען אַקטיוו אין שפּעטן מיטלאַלטער, אָבער ספּעציעל ענערגיש איז זי געוואָרן נאָך דער קאָנטער־רעפאָרמאַציע (מיטן פון 16טן יאָרהונדערט).

זי איז געשאַפן געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון 15טן י״ה צו אונטערדריקן די ייִדן און די מאַכמעדאַנער, שפּעטער איז זי גענוצט געוואָרן ווי אַ מוראדיקער פאַרניכטדיקער כח קעגן קריסטלעכע אָפּנויגלער, פרײַדענקער און אפיקורסים אמתע און פאַרדעכטיקע.

די קירך פלעגט זיי ניט דערהרגענען. זי האָט זיי פאַרמשפּט, געפּײַניקט, דערנאָך איבערגעגעבן דער מלוכה זי זאָל אויספירן דעם אורטייל[11].

---

8) מיטגלידער פון קריסטלעכע סעקטעס, וואָס זײַנען ניט אין אַלץ מסכים מיטן קאַטוליציזם.

9) 1618־1648.

10) גענויער וועגן דעם — אין די ווייטערדיקע טיילן פון דעם קאַפּיטל.

11) „די קירך האָט ניט פאַרגאָסן קיין מענטשלעכע בלוט״.

אָט די שחיטות [12] — אוטא דא פע —, דורכגעפירט אין נאָמען פון דעם געטלעכן דערלייזער, זײַנען ניט זעלטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פײַערלעכע יומטובים פאַר די דאָרפישע און שטאָטישע אײַנוואוינער.

די אינקוויזיציע האָט געהאַט אַ פאַטאַלע השפּעה אויף דער גײַסטיקער אַנטוויקלונג אין אייראָפּע, ווי עס שרײַבט דער פּראָפעסאָר דזשאָרזש גאָרדאָן קולטאָן אין זײַן ווערק: דער אינקווויזיטאָר.

„די אינקוויזיציע איז פאַראַנטוואָרטלעך ניט בלויז פאַר די לעבנס וואָס זי האָט אומגעבראַכט, נײַערט אויך פאַר די גײַסטיקע שטרעמונגען, וואָס זי האָט פאַרהאַלטן. נאָר איר האָבן מיר צו פאַרדאַנקען, וואָס דער מענטשלעכער געדאַנק וואָס די גײַסטיקע קולטור איז געווען אַזוי פאַרדאַרט און פּרוכטלאָז אין משך פון יאָרהונדערטער. מיר מוזן ציילן ניט בלויז די הייליקע, וואָס די אינקוויזיציע האָט פאַרברענט...

ווען די געשיכטע וועט אויסשטעלן דעם ריכטיקן חשבון וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז די מיליאָנען קליינע נגישות וואָס די טעראָר־הערשאַפט האָט אָפּגעטאָן צו מיליאָנען קליינע מענטשן, וועגן שווערער, ווי אַ שרײַענדיקע אומגערעכטיקײַט, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן לגבי איין פּערזאָן, ווי אויסערגעוויינלעך די פּערזאָן זאָל ניט האָבן געווען".

מיר וועלן איצט באַטראַכטן אויספירלעך די פראַגע וועגן דער אומטאָלעראַנץ פון דער קאַטוילישער קירך אין דער מאָדערנער צײַט, באַזונדערס נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער פּראָטעסטאַנטישער באַוועגונג.

עס איז נאַטירלעך, אַז דעם פּראָטעסטאַנטיזם האָט געצוווּנגען דער קאַטוילישער קירך צו באַקעמפן די סכנה פאַר איר עקסיסטענץ מיט אויסערגעוויינלעכער ענערגיע. עס איז נאָך קיין מאָל ניט געווען, אַזאַ קעגנער וואָס זאָל זײַן אַזוי געפערלעך פאַר דער מאַכט און איינהײַט פון דער קירך, ווי די נײַע אפּיקורסות. ביז איצט האָט די קירך געהאַט צו טאָן בלויז מיט הילפלאָזע יחידים, וואָס האָבן איר פאַרראַטן, אָדער מיט אומשולדיקע און ניט אָנגרײַפנדיקע אפּיקורסישע גרופּעס, ווי די אלביגענזער, וואלדענזער און לאלארדן[13]; איצט קומט אויך אויס צו שטיין פּנים אל פּנים מיט אַ באַוועגונג, וואָס איז קעמפעריש און

12) אין דעם ענגלישן טעקסט שטייט: „בוטשעריז".

13) קריסטלעכע סעקטע.

חוצפּהדיק, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן די יסודותדיקע דאָגמעס און אײַנפירונגען פון קאַטוילישן גלויבן, און ווערט אונטערגעשטיצט פון געוויסע מאַכטהאָבערס פון אייראָפּע. עס איז דעריבער געווען אומפאַרמײַדלעך, אַז דער קאַמף קעגן פּראָטעסטאַנטיזם זאָל געפירט ווערן מיט דער גרעסטער ענערגיע און אכזריות.

עס האָט זיך שוין געפונען אַן אָנגעזעענער יוריסט און פילאָסאָף, דער קאַרדינאַל בעלאַרמין (געשטאָרבן אין יאָר 1621) וואָס האָט דערוויזן לויט דעם קאַנאָנישן און וועלטלעכן געזעץ, אַז די קירך האָט ניט בלויז דאָס רעכט, נײַערט דעם חוב צו רודפן און אומברענגען די אפּיקורסים פון זייער טובה וועגן, ווײַל וואָס לענגער זיי וועלן לעבן אין זייער זינד, אַלץ שרעקלעכער וועט זײַן זייער שטראָף און פּײַן אין גיהנום.

די געזעלשאַפט פון יעזוס — דער יעזואיטן־אָרדן —, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון איגאַטיוס לאַיאָלאַ (1481־1556) בעת דער קאַטוילישער קאָנטער־רעפאָרמאַציע, איז געווען דער קעמפנדיקער כח קעגן דער פּראָטעסטאַנטישער באַוועגונג און קעגן די אפּיקורסים בכלל. די יעזואיטן זײַנען געווען די קאַטוילישע שטורמיסטן אין דער מלחמה קעגן לוטעראַניזם, קעגן די נײַע וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס און פילאָזאָפישע שיטות.

אָבער די אינקוויזיציע איז ווײַטער פאַרבליבן אונטער דער השפעה פון די דאָמיניקאַנער[14]. די קאַטוילישע קירך האָט תיכף פאַרשטאַרקט איר אַפּאַראַט פאַר דעם שנעלן אויסראָטן דיי נײַע, אַלאַרמירנדיקע באַוועגונג. די רוימישע אינקוויזיציע, וואָס איז עטאַבלירט געוואָרן פון פּויפּסט פּאַול דעם 4טן אין 1542, האָט אָפּערירט אין גאַנץ איטאַליע, און די אינטעלעקטועלע פרײַהײַט איז דערשטיקט געוואָרן נאָך גרונטיקער ווי אין דער פאַשיסטישער איטאַליע פון אונדזערע צײַטן.

דער מאָרד פון איין אָנגעזעענעם אַנטי־פאַשיסט, מאַטעאָטי, האָט געשאַפן אַזאַ שטורעם אין דער וועלט, אַז מוסאָלינים רעזשים האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, אָבער די רוימישע אינקוויזיציע האָט אומגעבראַכט טויזנטער אומשולדיקע פּערזאָנען, אַפילו דעם פרומען מיסטיקער

---

14) אַ פאַנאַטישער קאַטוילישער אָרדן, געשאַפן פון דעם מאָנאַך דאָמיניק, אין 13טן י"ה.

דזשיאָרדזשאָנאָ ברונאָ [15]. גאַנץ איטאַליע איז אַרומגענומען געוואָרן פון דער טעראָר־הערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירך. מ׳האָט ניט באַדאַרפט זײַן קיין גרויסער אפיקורס, אָדער אַ פאַנאַטישער פּראָטעסטאַנט כּדי צו פילן דעם אײַזערנעם קנאַפּל פון דער אינקוויזיציע.

דער פּראָפעסאָר סמיט ציטירט אַן אַנגעזעענעם ענגלישן רײַזנדער פון יענער צײַט, וואָס שרײַבט: „דאָס מינדסטע קריטישע וואָרט וועגן דעם פּויפּסט, דער קירך אָדער רעליגיע בכלל איז געווען גענוג צו פאַרשלעפּט ווערן פון דער אינקוויזיציע און אויף אַ לאַנגער צײַט פאַרשלאָסן ווערן הינטער אײַזערנע טירן״.

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט וועגן דעם אויפקום פון דער באַרימט שפּאַנישער אינקוויזיציע, וואָס איז לכתּחילה געשאַפן געוואָרן צוליב די ייִדן און די מוסולמענער. נאָך מאַסן־פּײַניקונגען און הריגות זײַנען די ייִדן פאַרטריבן געוואָרן אין יאָר 1492, און די מוסולמענער מיט יאָרן שפּעטער. די פּײַניקונגען און די פייערלעכע עקזעקוציעס זײַנען שפּעטער אָנגעווענדעט געוואָרן קעגן די פּראָטעסטאַנטן און אפּיקורסים, וואָס זײַנען געווען אין שפּאַנישן האָלאַנד אין אַ גאַנץ גרויסער צאָל. „אַ שטענדיקער שטראָם פון בלוט איז געפלאָסן אין 16טן און 17טן י״ה״ (פּראָפ. סמיט).

פראַנצויזישע פּראָטעסטאַנטן, וואָס האָבן זיך גערופן הוגענאָטן, זײַנען געווען אַ ספּעציעלער אָביעקט פון פאַראינטערעסירונג מצד דעם קאַטוילישער קירך.

אין משך פון 50 יאָר זינט דעם אַנטשטיין פון דער פּראָטעסטאַנטישער באַוועגונג זײַנען די הוגענאָטן סיסטעמאַטיש גערודפט געוואָרן. די ערשטע שחיטה איבער די הוגענאָטן — איינע פון די שוואַרצסטע זײַטן אין דער סקאַנדעליעזער געשיכטע פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם — איז דער באַוווּסטער פּאָגראָם פון דעם 24טן אויגוסט 1572, אין דעם טאָג פון דעם הייליקן באַרטאָלאָמיי.

כּדי אָפּצוציען דעם אויפמערק פון פאָלק פון דעם אַטענטאַט איבער דעם פירער פון די הוגענאָטן, קאָליני, האָט די פראַנצויזישע קעניגין, קאַטערינע דע מעדיטשי צוזאַמען מיט דעם קלער פאַרשפּרייט דעם

15) 1548־1600. אַן איטאַליענישער פילאָזאָף, וואָס איז פאַר זײַן אפּיקורסות פאַרמישפּט געוואָרן פון דער אינקוויזיציע צום פאַרברענען לעבעדיקערהייד.

פאַלשן קלאַנג, אַז די הוגענאָטן גרייטן זיך צו מאַכן אַן אויפשטאַנד. גראָד איז אויסגעקומען, אַז אין דעם זעלביקן טאָג זײַנען זיך צונויפ־געפאָרן קיין פּאַריז אַ סך הוגענאָטן אויף אַ גרויסאַרטיקער חתונה.

לויט אַ סיגנאַל, וואָס איז אָפּגערעדט געוואָרן פון פריער, זײַנען קאַטוילישע געדונגענע מערדערס אָנגעפאַלן אויף די הוגענאָטן, און אין משך פון 24 שעה זײַנען 2.000 מענטשן קאַלטבלוטיק דערמאָרדעט געוואָרן אין פּאַריז אַליין. די זעלביקע באַנדע האָט געבושעוועט אין גאַנץ פראַנקרײַך, און איבער 10 טויזנט זײַנען געוואָרן אומגעבראַכט אין פראַנקרײַך. דער פּויפּסט האָט געשיקט זײַנע האַרציקע ברכות און די אַפּאָסטאָלישע באַגריסונג צו אַזאַ „קריסטלעכן טאָט".

ווען הענרי פון נאַוואַר, דער געוועזענער הוגענאָט, וואָס איז געוואָרן קיניג פון פראַנקרײַך, האָט אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן עדיקט פון נאַנט אין 1598, איז די הוגענאָטן פאַרזיכערט געוואָרן בירגערלעכע רעכט, און זיי געשענקט באַגרענעצטע פרײַהײַט צו מתפּלל זײַן לויט זייער גלויבן. שפּעטער זײַנען די פראַנצויזישע קאַטאָליקן געוואָרן שטאַרקער און האָבן באַקומען אַ גרעסערע השפּעה אין דער מלוכה, האָבן זיי זיך דעצידירט צו דערשטיקן די פּראָטעסטאַנטישע באַוועגונג אין לאַנד. זיי האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט רדיפות איבער די הוגענאָטן, זיי האָבן געשאַפן די באַרימטע שרעקלעכע „דראַגאָנאַדן". אָפּטיילונגען פון דראַגונגערס האָבן באַקומען אַ „פרײַע האַנט" צו באַנוצן זיך מיט אַלע מיטלען כּדי די הוגענאָטן זאָלן איבערגיין צום קאַטוליציזם. זיי פלעגן זיך אַרײַנרײַסן אין די הײַזער פון די הוגענאָטן, אָדער פאַרדעכטיקטע אין פּראָטעסטאַנטיזם, און שלאָגן, פּײַניקן, פאַרקריפּלען און פאַרגוואַלטיקן.

לסוף איז געמאַכט געוואָרן אַ דרוק אויפן קיניג, לואי דעם 14טן, אין יאָר 1685, צו אַנולירן דעם עדיקט פון נאַנט. דעמאָלט זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן געזעצן, וואָס האָבן באַרויבט די הוגענאָטן פון זייערע בירגער־רעכט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־רדיפות. די פירנדיקע קאַטוילישע גײַסטלעכע האָבן געלויבט דעם קיניגס „קריסטלעכע באַרעמהאַציקײַט".

דער בישאָף בעסועט, דע אינטעלעקטועלער פירער פון די פראַנצויזישע קאַטאָליקן, האָט באַשריבן: „לאָמיר געבן צו וויסן אויסלאַנד וועגן דעם נס פון אונדזערע טעג; לאָמיר בענטשן לואין פון

פולן האַרצן; אונדזערע ברכות זאָלן גרייכן די הימלען, און לאָמיר זאָגן צום נײַעם קאָנסטאַנטין, צום נײַעם טעאָדסיוס, מארציאַנוס[17] צום הײנטצײטיקן קאַרל דעם גרויסן[18] דאָס איז אַן אַקט, וואָס איז ווירדיק פאַר דײַן גלאָררײַכער הערשאַפט; דורך דיר האָט די אפּיקורסות אויפגעהערט צו עקסיסטירן; גאָט אַליין האָט געטאָן דעם נס".

לואי דער 15טער איז געגאַנגען אין די וועגן פון זײַן עלטער־זיידן אין דעם פּרט פון רודפן און אונטערדריקן די אפּיקורסים, און האָט אַרויסגעגעבן אַ ווילדן געזעץ קעגן יעטוועדער אָפּנויג פון דעם הערשנדיקן גלויבן.

אָבער די שריפטן פון וואָלטער[19] און אַנדערע קעמפערס פאַר פרײַהײַטפון געדאַנק און טאָלעראַנץ האָבן געהאַט אַזאַ אויפקלערנדיקע השפּעה אין פראַנקרײַך, אַז נאָך 1750 איז שוין ניט מעגלעך געווען צו באַנוצן ברוטאַלע אַקטן קעגן אַנדערש־גלויביקע.

די קאַטוילישע אומטאָלעראַנץ האָט געהערשט אין בייערן און אין אַנדערע מלוכות פון דײַטשלאַנד, אָבער זי האָט ניט געקענט צוקומען צו די פּראָטעסטאַנטישע פעסטונגען. דער קאַמף צווישן די צוויי רעליגיעזע לאַגערן האָט געפירט צו דעם שרעקלעכן חורבן פון דעם 30יאָריקן קריג (1648־1618). די ווײַטערדיקע באַשרײַבונג פון פּראָפעסאָר א.ג. וועגן דער באַצווינגונג פון דער באַפעסטיקטער שטאָט מאַגדעבורג פון קאַטוילישן מיליטער, גיט אונדז אַ קלאָרן ביישפּיל פון אכזריות און ווילדקײַט: „דעם 20טן מאַי האָבן די אימפּעריער[20] אײַנגענומען די שטאָט מיט שטורעם, און זייער אַרײַנגאַנג איז געווען באַגלייט מיט אַ שחיטה, וואָס האָט געווירקט אויף די מיטצייטלערס. אַן ארגיע פון פאַר־גוואַלטיקונג, מאָרד און רויבערײַ האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז די שטאָט איז געוואָרן אַרומגענומען מיט פלאַמען, און מער ווי צוואַנציק טויזנט פערזאָן זײַנען אומגעקומען".

---

17) די ערשטע רוימישע קייסאָרים וואָס האָבן אײַנגעפירט קריסטנטום אין דער אימפּעריע פון פערטער יאָרהונדערט.

18) קאָרל דער גרויסער איז געווען קייסער פון דער רוימישער אימפּעריע אין אָנהייב פון 9טן יאָרהונדערט.

19) אַ ווירקנדיקער פראַנצויזישער שרײַבער אין 18טן י"ה — פאַר דער רעוואָלוציע פון 1789.

20) קאַטאָליקן.

אין דעם אָפּמאַך פון וועסטפאַליע בײַם סוף פון דער מלחמה זײַנען פאַרשריבן געוואָרן געוויסע פונקטן פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ. דער פויפּסט אינאצענטוס האָט געפּסקנט, אַז די דאָזיקע פונקטן זײַנען „בטל ומבוטל״, ניט גילטיק, זינדיק, אומגערעכטיק, פאַרשאָלטן, אוממאָראַליש.

אין פוילן האָבן די יעזואיטן אָנגעהויבן אַן ענערגישן קאַמפּיין קעגן די פּראָטעסטאַנטן אין דער צײַט פון זיגמונט דעם צווייטן (1587־1632).

פון עסטרײַך זײַנען די ייִדן פאַרטריבן געוואָרן אין 1742. און מיט 10 יאָר שפּעטער האָט די קיניגין מאַריאַ טערעזאַ אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז דאָס איבערגיין צום פּראָטעסטאַנטיזם ווערט פאַררעכנט ווי דער שאַרפסטער פאַרברעכן.

אין דער קורצער צײַט פון דער הערשאַפט פון מערי סטיואַרט[21] זײַנען פאָרגעקומען רדיפות און הריגות איבער די פּראָטעסטאַנטן אין ענגלאַנד.

דער קאַטוילישער אַפּאַראַט פון רדיפות איז אויסגעברייטערט געוואָרן און האָט דערגרייכט די נײַע וועלט. אין 1570 איז געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע אין פּערו. אין 1574 האָט די אינקוויזיציע אין מעקסיקאַ פאַרברענט, אָדער געשיקט אויף שקלאַפן־אַרבעט אין די גאַלערעס[22] זעקס און דרײַסיק ענגלישע פּראָטעסטאַנטן.

די קאַטוילישע קירך האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט פון רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ אין טעאָריע און דאָקטרין! אָבער אין דעם 18טן יאָרהונדערט איז פאַר איר אַלץ שווערער געוואָרן אָנצוווענדן שטרענגע מיטלען קעגן פּראָטעסטאַנטן און בכלל קעגן אַנדערש־גלויביקע.

## פּראָטעסטאַנטישע אומטאָלעראַנץ

די פּראָטעסטאַנטן פון 16טן י״ה, זײַנען, אַזוי ווי די קאַטאָליקן, ניט געווען פאַראינטערעסירט אין פרײַהײַט פון געדאַנק אָדער אין טאָלעראַנץ. לוטער און קאַלווין זײַנען ביידע געווען פאַנאַטיקערס.

---

21) קעניגין פון ענגלאַנד, 16טן י״ה.

22) שיפן וואָס האָבן געפירט שקלאַפן אַרבעטערס פאַר די קוילן־גרובן. די אַרבעטערס זײַנען געווען צוגעבונדן מיט קייטן צו די שיפן.

קאלווין האָט געלאָזט פאַרברענען דעם אידלן געלערנטן מיכאעל סערוועטוס, וואָס האָט ניט מסכים געווען מיט זײַן בליק (קאלווינס) אויף דער דרײַ אייניקײַט.

פיליפּ מעלאנאכטאן, דער געלערנטסטער פּראָטעסטאַנט פון זײַן דור, האָט געהאַלטן, אַז קאלווינס אַקט איז זייער לויבנסווערט און וועט דערמאָנט ווערן אַ לאַנגע צײַט. אין סוף פון 18טן י״ה האָט דער געלערנטער ד״ר סעמועל דזשאָנסאָן, אַן אַנגליקאנער, גערעדט ווי טארקוועמאדא, דער הויפּט־אנקוויזיטאר פון שפּאַניע אין 15טן י״ה. דזשאָנסאָן האָט דערקלערט: „די איינציקע מעטאָדע צו אײַנשטעלן און פאַרפּעסטיקן די אמתע רעליגיע איז מארטירערטום... אַ פאַלשע דאָקטרין מוז מען אָפּשטעלן גלײַך ווי זי באַווײַזט זיך אין דער עפנטלעכקײַט; די וועלטלעכע מאַכט מוז זיך פאַרבינדן מיט דער קירך צו באַשטראָפן די, וואָס וואַגן צו אַטאַקירן די אײַנגעשטעלטע רעליגיע״.

אָבער די פּראָטעסטאַנטישע אומטאָלעראַנץ איז קיין מאָל ניט דערגאַנגען צו די ווילדקײַטן פון דער קאַטוילישער קירך צוליב אַ רײַ סיבות:

פּראָטעסטאַנטיש זײַנען געוואָרן וויניק וויכטיקערע מלוכות; זיי האָבן ניט פאַרמאָגט קיין לאַנגע טראַדיציע פון אומטאָלעראַנץ. עס האָט דאָרטן ניט געקאָנט זײַן קיין צענטראַליזירטע ריכטונג פון ברוטאַלער אונטערדריקונג ווי אין די קאַטוילישע לענדער. עס איז דאָרטן אויך ניט געווען קיין מעכטיקער אַפּאַראַט צו אונטערדריקן אַנדערש־גלויביקע. חוץ דעם — די אינטעליגענטערע פּראָטעסטאַנטן זײַנען גיכער נוטה געווען צו די אידייען פון אויפקלערונג און טאָלעראַנץ. עס איז ניט קיין וווּנדער, וואָס די באַוועגונג פאַר פרײַהײַט פון געדאַנק האָט רעקרוטירט אירע פירערס כמעט אויסשליסלעך פון די פּראָטעסטאַנטישע רײַען.

אין די קאַטוילישע לענדער, ווי איטאַליע, פראַנקרײַך און פּוילן האָבן ניט געקענט זײַן קיין אַקטן פון פּראָטעסטאַנטישער אומטאָלעראַנץ. אפילו אין דײַטשלאַנד זײַנען געווען מלוכות וווּ עס האָבן עקזיסטירט ביידע גלויבנס. די שטאַרקסטע פּראָטעסטאַנטישע מלוכה אין דײַטשלאַנד איז געווען בראַנדענבורג־פּרייסן, וואָס האָט אָנגענומען דעם וועג פון טאָלעראַנץ צוליב פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבות. פרידריך דער גרויסער[23] האָט אײַנגעפירט דעם טאָלעראַנ־

23) קייסער פון דײַטשלאַנד, אין 18טן י״ה.

סיסטן רעזשים פון אַלע אייראָפּעאישע מלוכות פון יענער צײַט. אויך אין האָלאַנד האָט געהערשט טאָלעראַנץ.

דער אויגסבורגער שלום אין יאָר 1555 האָט געזאָלט זײַן דער סוף פון די רעליגיעזע מלחמות און דער אָנהויב פון רעליגיעזן שלום אין דײַטשלאַנד. אָבער דער שלום איז געווען בלויז פאַר די הערשנדיקע פרינצן און ניט פאַר זייערע אונטערטאַנען. די קאַטוילישע פרינצן האָבן גערודפט זייערע פּראָטעסטאַנטישע בירגערס, און די פרינצן פון די פּראָטעסטאַנטישע פירשטנטימער זײַנען דערגאַנגען די יאָרן זייערע קאַטוילישע אונטערטאַנען.

אין דער 30 יאָריקער מלחמה האָבן די פּראָטעסטאַנטן אויך ניט פאַרפעלט צו טאָן זייער טייל פון אויסקוילענען די קעגנערס. נאָך דעם וועסטפאַלישן אָפּמאַך אין יאָר 1648 איז אין פּרייסן אײַנגעשטעלט געוואָרן אַ מער טאָלעראַנטע פּאָליטיק בנוגע רעליגיע.



## פון דעם זעלביקן מחבר

# עסייען און זכרונות

**מאָנטרעאַל 1974**

•

**אינהאַלט:**

**עסייען** — צונץ, גייגער, גרעץ, שטיינשניידער, אליהו בחור, די אַפּאָקריפן, עזריה די ראָסי, אליהו שולמאַן, זלמן שזר, פּופּצן שפּראַכן און יידיש, אַבעלאַר און העלואיז, דער תנ״ך.

**פּערזענליכקייטן** — פראַנץ קורסקי, י. י. טרונק, ש. מענדעלסאָן, ד״ר מאַקס ווײַנרייך.

**זכרונות** — רעצענזיעס איבער ביכער.